דאס בוך ווידמע איך

מיין פרוי און טאכטער.

מיט דער מיטהילף פון „פריינט פון יידיש לשון“ און דעם „סקערניוויצער און ראַוועער הילפּס פאַראיין“ איז דערמעגלעכט געוואָרן דאַס דערשיינען פון דעם בוך. איך דריק זיי אויס מיין חברישן דאַנק.

דער מחבר.

# א באגלייט ווארט

אויב אַ יידישער האָראָפּאַשניק, אַפּלעבנדיק אין לאָנדאָן אַ האַלבן יאָר־הונדערט, און אין לעצטן צענדליק געלינגט עס אים נאָך אָנצושרייבן איבער 20 דערציילונגען, האָט נישט נאָר ער אַליין באַקומען אַ תיקון, נאָר אויך דער מקום אין וועלכן ער, דער יגיע כפּים׳ניק, האָט פאַרזשאַבעט זיין לעבן — באַקומט אַ שטיקל תיקון.

עס איז יענער נס, וואָס דורכן לעכל פונם נעדעלע, אַדורכגעצויגענער, איז עס דאָך געלונגען זיך אַרויפצוציען אין די העכערע וועלטן, אין דער גייסטיקער סטראַטאָספערע, אַזוי צו זאָגן. און נאָך מער וווּנדער־איבער־וווּנדער איז עס, אַז אַזוינס קען געשען דאָ אין אונזער פאַרנעפּלטן לאָנדאָן, אין אונזער אַטמאָספעריש פאַרטונקלטן און פאַרטוכלעטן יידישן לאָנדאָן.

אין „לשון און לעבן״ האָט י. ביעטש אָפּגעדרוקט זיין ערשטע סקיצע! און די אַלע 21 דערציילונגען, פון וועלכע דאָס באַשיידענע בוך „שייד־וועגן״ באַשטייט, האָבן זיך אין די לעצטע יאָרן געדרוקט אין אונזער זשורנאַל „ל. און ל.״ פון וועלכן י. ביעטש איז איצט איינער פון אונזערע חשובע מיט־אַרבעטער.

אויף י. ביעטש איז באמת מקוים געוואָרן יענער גמרא־מאמר: „דדחיל מרבנן הוא גופא הווא צורבא דרבנן״ — די ווייניקע קונסט־ און קולטור־אינ־סטיטוציעס וואָס מיר האָבן דאָך נאָך דאָ אין אונזער ישוב — אָנגעהויבן מיטן „בן אורי״ 30־40 יאָר צוריק! — אויב ביעטש, מיט זיינע יגיע־ און נקי׳ע־כפּים׳דיקע האָראָפּאַשנע הענט, וואָלט זיי נישט געהאָלפן אויפבויען און גע־שטאַנען אַקטיוו ביי דער אַרבעט, איז אַ גרויסער ספק צי זיי וואָלטן עקזיסטירט.

און עס איז אַ סימן טוב פאַר אונזער ליטעראַרישן זשורנאַל „לשון און לעבן״, אַז אויף זיינע זייטלעך האָט אַ לעבן, וואָס האָט זיך געראַנגלט צענד־

ליקער יאָרן מיט זיינע איינדרוקן און שעפערישן כוח ביים וואַרשטאַט, ביי געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, האָט סוף כל סוף דאָך באַקומען לשון און פּאַרמענדיקן אויסדרוק וואָס דערגרייכט אָפּטמאָל צו קינסטלערישער עכטקייט, אין זיין בילדלעכקייט און אין מיליע מאָלערישן.

ממילא איז עס נישט ווייניקער ווי ריכטיק, אַז דער פאַרלאַג „לשון און לעבן״ זאָל אַרויסגעבן די דערציילונגען געזאַמלט אין בוך פאָרעם.

י. ביעטש׳ס שילדערונג־אופן און טיפּן מאָלן איז אָן פּרעטענציעס, ער גייט אויפן אויסגעטראָטענעם שליאַך פון אונזערע פּראָזע־רעאַליסטן. זיין חוש פאַר סאָציאַלן יושר און געזונטער לעבנס־קוק, איז פון איינעם וואָס קען דאָס לעבן און אַרבעט דערפאַר מיט ליבשאַפט און אויסדויער, דערפאַר די ראָמאַנטישקייט, וואָס קרייצט זיך אָפט אויף זיינע שיידוועגן, וועלכע פירן צום דרך המלך פון דער יידישער ליטעראַטור.

מיט גרויס ליבע באַהאַנדלט ער דאָס שטעטלישע מיליע און די היימישע טיפּן; דאָס אויטאָביאָגראַפישע, וואָס בליקט טיילמאָל אַדורך, מאַכט די דערציילונגען אונז נאָך נענטער און היימישער און אויך ווערטפולער. אין זיין נייער היים דאָ, אין לאָנדאָן, ווו עס פעלט סביבה, ווו ס׳רינגלט נישט אַרום קיין מיליע, — ווו די יידישע אַטמאָספערע איז אַזוי נעפּל גרוי, טוכלע און דעמפּיקלעך, — זוכט ער זיך צו דערגריבלען אין טיפן אימיגראַציע תהום און באַמיט זיך צו שלאָגן וואָרצלען, און אביסל אויפצוהעלן דעם טונקלען אַרום.

י. ביעטש׳ס דערציילונגען וועלן אָן שום ספק זיין אַביישטייער צו דעם ביסל פּראָזע, וואָס אונזער ישוב דאָ האָט צוגעטראָגן צום גרויסן אוצר פון אונזער יידישער ליטעראטור.

**א. נ. שטענצל.**

ווייטשעפּל, 1951.8.21.

## ערשטער טייל



## צווייטער טייל

קיינער האָט נישט געוווּסט פֿון וואַנען און ווען ער איז געקומען אינעם שטעטל, נאָר אַז זיין נאָמען איז יעקב יוסף סאַדאָווניק האָבן אַלע געוווּסט. דאָס איז געווען אַ הויכער מאָגערער ייד, מיט אַ לענגלעכע שפּיציקע נאָז און אַ שיטער בערדל, אַזוינס, וואָס מען האָט נישט געקענט וויסן צי ס'איז אינ־גאַנצן גראָ אָדער עטוואָס גראָליך; אַ גלייכגילטיק פּנים, וואָס ס'האָט קיינמאָל נישט געלאַכט און שטענדיק געווען פֿינסטער. די איינציקע פּרנסה אין זיין לעבן איז געווען האַנדלען מיט פּרוכט, פֿון דעם האָט ער באַשפּייזט אַ ווייב מיט קינדער. דאָס שטעטל ר., וווּ ער האָט געוווינט, אויך די געגנט אַרום, איז גע־ווען געבענטשט מיט אַ סך פּרוכט סעדער, וואָס כמעט אַ האַלב פֿונם שטעטל יידן האָבן זיך פֿון דעם מפֿרנס געווען.

יעדן זומער איז יעקב יוסף געוואָרן אַ סוחר פֿון פּרוכטן. אויך שבת האָט זיך געררודערט מיט זיין מסחר. גלייך ווי דער עולם האָט פֿאַרענדיקט די שאַרפֿע שבתדיקע נאָכמיטאָג מאכלים, און דער עלטערער דור האָט געשמאַק גע־דרימלט, האָבן יונגוואַרג, בחורים און מיידלעך, אַראַנזשירט באַגעגענישן אינם סאָד: געפֿירט געהיימע ליבעס, געזונגען, געלאַכט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. מחמת דעם האָט קליין און גרויס אים גערופֿן יעקב יוסף סאַדאָווניק. אַז ס'פֿלעגט עמיץ קומען אינם שטעטל און זיך אויף אים געפֿרעגט, האָט קיי־נער נישט געוווּסט, סיידן מען האָט אָנגערופֿן זיין דרייגאָרנדיקן נאָמען: „יעקב יוסף סאַדאָווניק" — האָבן אַלע ווי פֿונעם שלאָף דערוואַכט, און יעדער איז גרייט געווען אָנצעווייזן אויף אים. מיט יאָרן צוריק האָט ער געהאַלטן עט־לעכע סעדער און צעטיילט זיין מחנה אין זיי: די מיידלעך אינם שטאָטישן סעדעל, וווּ עס זענען געקומען אָממיינסטן יונגעלייט; דאָס ווייב מיט אַ קליין קינד אין אַ דערבייאיקן דערפֿל און ער מיט די צוויי יינגלעך אין אַ ווייטערן דאָרף. און פֿון דעם אַלעם האָט קוים געקלעקט אויפֿצוהאַלטן דאָס שווער אָרים לעבן. היינט, אויף די עלטערע יאָרן, ווייל ער זיך אָביסל אָפּרוען, שוין צייט, עד מתי? . . .

עפּעס אַ שרעק באַפֿאַלט אים פֿאַרן געדאַנק. עס שטעלט זיך אים פֿאָר, אַז יעדער אינם שטעטל קוקט אויף אים און שאָקלט מיטן קאָפּ: „נעבעך אַלט געוואָרן".

פֿאַרטיפֿט אין זיינע רעיגנגת וועגן גאָטס השגחה איבער יעדן באַ־שעפֿעניש, וועגן מענטש, וועגן יענער וועלט, האָט ער פֿרום אויפֿגעהויבן זיינע אויגן צום הימל מיט אַ פֿאַרשנדיק בליק, פֿון דאָרט געזוכט אַ באַפֿרידיקונג אויף זיינע ספֿיקות. אין דער אמתן ווייס נאָר איין גאָט, אַז ער וויל זיך בלויז

אַביסל פאַרגרינגערן פון זיין שווערער פרנסה, איבערהויפּט איצט, ווען די קינדער זענען אַוועק און זענען צעשפּרייט איבער דער גרויסער ווייטער וועלט. האָדל, דאָס ווייב זיינס איז אים נישט לאַנג צוריק געשטאָרבן, ווער זיין געווּנג וואָס גאָט וועט געבן. אָבער זינט נאָך איר טויט זשומעט אין זיין נשמה עפּעס אַ בענקשאַפט. ער דערזעט אַרום זיך אַ געוואַלטיקע ליידיקייט, אַ פּוסטקייט וואָס נאָגט דאָס האַרץ און וואַרפט אַרויף אַ שווערע מידקייט. ער דערפילט פּלוצים אַז עפּעס צעוויקלט זיך אין אים, און רופט מיט אַ ברענענדע לוסט, וואָס וואַקסט צו איין גרויסע און טיפע בענקשאַפט. פאַר זיינע אויגן שווימען אויף יאָרן, יונגע צאַפּלדיקע יאָרן, וואָס זענען שוין לאַנג אַוועק.

ווינטער צייט איז יעקב יוסף געזעסן גאַנצע טעג ביז שפּעט אין דער נאַכט אינעם בית־המדרש ביים וואַרימען אויוון. קיין אַנדערע פאַרגעניגנס האָט ער נישט געהאַט און אויך נישט געוווסט. די וועלט מיט אירע גרויסע אויפטואונ־גען האָט מיט אים נישט געהאַט קיין שום אָנגעהעריקייט. אויסער אַז עפּעס איז פאָרגעקומען אינעם שטעטל אַ גבירישע חתונה אָדער דער גרויסער יריד, וואָס איז תמיד אויסגעפאַלן אין ווינטער. סוחרים און אָרימע לייט פלעגן קומען פון ווייטע שטעט, איז דער וואַרימער אויוון אינעם בית־המדרש געווען דאָס אָרט, ווו יעדער האָט זיך צוגעשפּאַרט, ווער מיט אַ האַנט, ווער מיט אַ שטיק פּלייצע. יעקב יוסף האָט מיט גרויס נייגעריקייט זיך צוגעהערט צו די שמועסן. די סוחרים האָבן זיך געאַמפּערט וועגן פּרייזן, מסחר, וועלט זאַכן, אַריינמישן פּסוקים וואָס זענען מרמז אויף משיחן. די אָרימע לייט האָבן גערעדט פון גוטע מאכלים, גראָשנס וכדומה. און ער האָט ביי זיך געטראַכט, אַז אַזוי איז שוין דער מנהג פון דער וועלט — דער גביר אויבן און דער אָרימאַן ביי דער טיר. ער האָט אַ מאָל געטאָן אין דער לופטן מיט זיין האַנט, ווי ער וואָלט עפּעס געוואָלט פאַרטרייבן אַ זאַך וואָס האָט אים שטאַרק געמוטשעט. ער האָט אָן באַזונדערע טענות געפירט זיך ווי אַלע פרומע יידן פירן זיך און געטאָן דאָס וואָס אַ ייד דאַרף טאָן . . .

דאָס יאָר, ווען האָדל דאָס ווייב איז געשטאָרבן האָבן זיך פרי געשטעלט מוראדיקע קעלטן. אין דרויסן איז געפאַלן אַ דראָבנער טרוקענער שניי, ס'איז געוואָרן אַלס ווייסער און העלער און אויסגעזען ווי איין שטיק ווייסקייט. אַ שאַרפער ווינט האָט מיט עקשנות אויפגעהויבן און געטראָגן גאַנצע זשמעניעס מיט שניי, זיך געוויקלט אַרום די האַלב איינגעפאַלענע הייזלעך און מיט אַ גע־קלאַנג ערגעץ אַוועק. דאָס קליינע בית המדרשל האָט געקרעכצט, געציטערט, ס'האָט זיך אויסגעדאַכט אַז אָט־אָט פאַלט עס איין. ער איז אומגעגאַנגען איבער דער קלויז פאַרטראַכט און אַלע מאָל געוואָרפן אַן אומעטיקן קוק אויף די אָנ־געפרוירענע שויבן, וואָס זענען געווען באַזילבערט פון פראָסט. אַ טיפער טרויער נעמט אַרום זיין נשמה, אַז ס'גלוסט זיך אים וויינען און מיט די טרערן אָפּוואַשן זיין גרויסן צער. אַ פאַרטראַכטער איז ער געבליבן שטיין. עפּעס האָט זיך פאַרגנבעט אין זיין מחשבה: אפשר גאָר חתונה האָבן, ער איז נאָך נישט

אַזוי אַלט . . . אַ קאַלטער שוידער איז דורך זיין לייב, אַ קרעכץ פון פאַר־לאַרנקייט האָט זיך ביי אים אַרויסגעריסן און דערפילט ווי איינער וואָס קייקלט זיך פון אַ הויכן באַרג אַראָפּ.

* * *

עס זענען אַוועק חדשים און וואָכן. די טעג זענען וואַרימער געוואָרן. די זון האָט פּלוצים אַ ברייטן שמייכל צו דער ערד געטאָן און באַגאָסן די הייזלעך מיט זונען־גאָלד. ער האָט זיך איינמאָל אין אַזאַ שיינעם פרימאָרגן אויפגעכאַפּט און מיט התפעלות אויסגעשריגן: „דער פרילינג איז דאָ!" זיין עכאָ האָט איבערן שלאָפנדן און ליידיקן שטעטל אָפּגעקלונגען: פרילינג איז דאָ! אַ פריילעכער און אַן אויפגערוימטער האָט ער איינגעזאַפּט די וואַרימע לופט, וואָס האָט געשמעקט מיט פרישע ריחות און ביי זיך דערשפירט צוויי פרילינגס, איינעם אין דרויסן און איינעם ביי זיך אין האַרצן. אגב האָט עס אים דערמאָנט אינעם סאָד ביים פריץ סטאַשינסקי, אינעם דערבייאיקן דאָרף, ווו חיים משה האַלט די פּאַכט. דער טאָג האָט פאַמעלעך זיך אַריינגעשלייכט אינם שטעטל און אויס רחמנות עס נישט געוואָלט וועקן פון דער אָוועקגייענדיקער נאַכט.

אין אַזאַ פאַנטאַסטישן פרימאָרגן האָט יעקב יוסף דער ערשטער זיך באַוויזן אין מאַרק. די הענט פאַרלעגט אויף הינטן, שפּרייזנדיק פאַרטראַכט, האָט ער אויפגעכאַפּט דעם קלאַנג פון משה חיימס פערדס פּאַטקאָוועס, וואָס האָבן ריט־מיש און מאָנאָטאָן אָפּגעהילכט אויף דעם מיט שטיין ברוקירטן געסל. מיט שנעלע טריט האָט ער זיך געלאָזט אַקעגן משה חיימ׳ן, וואָס איז ווי פאַרגלי־ווערט געזעסן אויפן וואָגן, וויגנדיק זיך אַרויף און אַראָפּ. יעקב יוסף שפּאַנענ־דיק נעבן וואָגן, האָט אַ כאַפּ געטאָן זיין בערדל מיט דער גאַנצער דלאָניע דעם שטערן טיף פאַרקנייטשט און אַ פרעג געטאָן: „נו, ר׳ חיים, ווי האַלט עס דאָרט?"

חיים משה, אַ קליינער פאַרשוין מיט ווייסע ברעמען און אויסגעשטאַר־טשעטע קינבאַקן, אַ גרויס מויל, וואָס ס׳איז תמיד געווען אָפן, ווייזנדיק נישט קיין גלייכע און צעבראָכענע ציין, האָט אַ ברייטן גענעץ געטאָן אין דעם קיי־לעכדיקן מאַרק אַריין און האַלב פאַרשלאָפן געמורמלט: „מיט גאָטס הילף, עס האַלט, עס האַלט" . . . און נאָך זיין אויסזען איז געווען שווער צו וויסן, וואָס ער האָט אין זינען. אין מאַרק ביים פּלומפּ זענען שוין געשטאַנען יידן אין אַ רעדל, אויפן האַרצן איז געווען שווער ווי אַלע מאָל אין דער פרי. זיך געהיצט וועגן ענינים וואָס האָבן לגמרי מיט זיי קיין שייכות נישט. אָבער אַלע זענען געקומען מיט דעם איינעם צוועק, אויסצוגעפינען ביי חיים משהן, ווי עס האַלט מיט דעם סאָד אין דאָרף. כאָטש אַלע האָבן געוווסט, אַז חזקה דערויף האָט יעקב יוסף. ערשטנס האלט ער זיך פאַר אַ שטיקל קרוב מיטן מילך־ייד, פונעם ווייבס צד. אמת, זייער אַ ווייטער קרוב, אָבער דאָך אַ קרוב, והשנית האַלט ער דעם סאָד פון כמה יאָרן, און אַ ייד וועט דאָך נישט שלאָגן אין מקח. עס זענען

אַפילו געווען בעלנים אינעם שטעטל דאָס צו טאָן, אָבער חזקה איז חזקה. ביס־לעכווייז האָט דער עולם פונעם שלאָף דערוואַכט. מיידלעך מיט טעפּלעך און קריגלעך האָבן געאײַלט אינעם מאַרק נאָך מילך, קעז און פּוטער. פאַרשמייעטע יידן זענען געלאָפן אינעם בית־המדרש. דער געקלאַנג פון די אַראָפּגענומענע פרענטן ביי די געוועלבער האָט זיך אויסגעמישט מיטן רעש פונעם ערשט דערוואַכטן טאָג. דאָס שטעטל ר. האָט ווידער אויף זיך אַרויפגעצויגן דעם עול פּרנסה.

עס איז געווען אַ הייסער נאָכמיטאָג. די היץ האָט אַלעמען איינגע־שלעפערט. יעקב יוסף איז געזעסן נעבן חיים משהן אין וואָגן.ביידע האָבן געדרימלט, טרייסלענדיק זיך פּאַמעלעך אַהיים אין דאָרף. די זון איז געשטאַ־נען אין רעכטן מיטן הימל און געגאָסן מיט פייער אויף די בוימער און פעל־דער. פון ביידע זייטן וועג שעמערירט מיט בליענדע קאָלירן. די קאָרן זאַנגען זענען שטיל געשטאַנען און זיך געוויגט אונטער אַ הייסע גאָלדענע זון. דאָס פערדל האָט זיך קוים געשלעפּט, דראַפּנדיק זיך באַרג אַרויף און וואַרפנדיק מיטן קאָפּ, כדי אָפּצורוקן דעם הייסן כאַמענט, וואָס האָט געדריקט זיין פאַר־שוויצטן קאַרק. ערשט פאַרנאַכט, ווען די זון לאָזט זיך אַראָפּ צום מערב, שטיל און פּאַמעלעך, געהילט אין פלאַמען, איז חיים משה געקומען אַהיים. פאַר דער טיר איז געשטאַנען זיין ווייב צביה, אַ קרעפּטיקע מיטליאָריקע יידענע אין אַ געבלימעלט סיטצען קלייד און אַ געשטרייפט ברייט פאַרטוך, וואָס ס׳האָט שיין געפּאַסט אויף איר פולע רונדע היפּטן. אַ פאַרברענט פּנים פון דער זון און אַ רויט טיכל אַרום איר קאָפּ, האָט זי אינעם בין השמשות אויסגעזען באַזונדערס שיין. אַ יינגעלע פון אַ יאָר דריי איז געזעסן אויף אירע דיקלעכע הענט און דערנעבן איז געשטאַנען דער צען יאָריקער לייזער, וואָס חיים משה רופט אים דער יונג.

בשעת יעקב יוסף איז אַראָפּגעקראָכן פונעם וואָגן, האָט ער אַ מאָדנעם שמייכל געטאָן, און אַ פאַרגנבעטער בליק איז געפאַלן אויף איר רונדע פיגור. צביה האָט נישט ווילנדיק זיך אָנגעטראָפן מיט זיינע האַלב פאַרזשמורעטע אויגן, שנעל אויפגעכאַפּט זיין געדאַנק און זיך ווי אַ יונג ווייבל ערשט נאָך דער חתונה שטאַרק געררויטלט. זי האָט אים ווי תמיד באַגריסט מיט אַ ווייבערישן גוטן־אָוונט און אַריינגייענדיק אין הייזל זיך געחידושט, וואָס עפּעס היי־יאָר אַזוי פרי. פון ביידע זייטן וועג האָבן די הויכע טאָפּאָלן בוימער פריינט־לעך אַריינגעקוקט אין דעם קליינעם פענסטערל . . . יעקב יוסף, אַ מידער, האָט מיט ליבע געקוקט אויף די לאַנגע פאַנטאַסטישע צווייגן, וואָס רייסן זיך צום הימל אַרויף און עס דאַכט זיך אים, אַז ער איז מיט זיי שוין פון לאַנג גאַר נאָענטע מחותנים. ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דאָס וואַרטן זיי אויף אים, אָפּצוגעבן שלום עליכם, און פול מיט סודות מורמלען זיי אַזוי פרי, אַזוי פרי...

* * *

דער זומער איז געפּלויגן צו זיין שנעלן סוף. עס האָבן זיך אָנגערוקט די אלול טעג. די פּירות הויבן אָן צו ווערן איבערצייטיק. מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ סאָרטירט ער די פרוכט און פּאַקט דאָס אויבס אין קלענערע און גרע־סערע פּעסלעך. דאָס איילט ער איצט צו, כדי נישט צו פאַרשפּעטיקן דעם גרויסן טאָרג, וואָס פאַלט תמיד אויס פאַר די ימים־נוראים. עס איז געווען אַ יעסענדיקער פרימאָרגן. אַ פייכטער נעפּל האָט דאָס דאָרף איינגעהילט. די אויפגייענדיקע זון האָט זיך געטונקט אין אַ ים פון גרויע וואָלקנס. דאָס פערדל שוין געשפּאַנט אינם וואָגן, קייענדיק דאָס לעצטע ביסל היי, איז געשטאַנען מיט צעשפּרייטע פיס, די אויערן אָנגעשפּיצט, ווי איינער וואָס וויל זאָגן: „צו פיל, בעל־הבית״. דאָס דאָרף האָט געשמעקט מיט פריש געשניטן היי און דעם צען יאָריקן לייזערן האָט זיך נישט געגלוסט צו פאַרלירן אַ לוסטיקן פאַרנאַכט אין שניט־צייט, ווו ער האָט אינאיינעם מיט די פויערים יינגלעך און מיידלעך געשטיפט, געלאַכט און אָפּגעטאָן כל־ערליי שטיק, אָבער זייט חיים משהס הוסטן פאַלט דער עול פון דער שטוב אַלץ מערער אויף דעם קליינעם לייזערן, וואָס וויל דערמיט באַצאָלן עפּעס אַ חוב צו דער שטוב דערפאַר, וואָס ער וועט פאָרן מיט דעם אויבס אין שטאָט. דערזעענדיק דעם פול געפּאַקטן וואָגן, האָט ער זיך געוווּנדערט, ווי וועט דאָס די שקאַפּע קענען שלעפּן אַזוי פיל פעסלעך מיט אויבס. צביה, די מאַמע זיינע, האָט געקוקט אויף דעם יינגל מיט אַ ווייך רחמנות פּנים און זיך דערמאָנט, אַז טאַקע דאָ פאַרן הייזל האָט זי דעם ערשטן גליקלעכן „אוי״ אויסגעשריגן, בשעת זי האָט דערשפּירט, אַז עפּעס האָט זיך אין איר אַ ריר געטאָן. דעמאָלט האָט זי געהאַט אַנדערע האָפענונגען. איצט וואָס וועט פון אים ווערן, זייענדיק אָפּגעריסן פון יידן און יידיש לעבן. אַ גאַנצער מבול פון טרערן איז געפּלאָסן פון אירע האלב פארמאכטע אויגן, אָנגעזאַמעלט דורך די שווערע צייט האָט זיך מיט איינמאָל אַראָפּגעלאָזט.

יעקב יוסף האָט מיט אַ שווערן געמיט זיך געזעגנט מיטן סאָד און מיטן דאָרף. צביה האָט זיי באַגלייט ביז צו די צוויי שייד־וועגן. אַלע דריי זענען אַ פּאָר מינוט לענגער געשטאַנען און פאַרחלומט געקוקט אויף דעם ברייטן זאַמ־דיקן וועג, וואָס פירט צום שטעטל. ער האָט איר געווונטשן אַ זיי געזונט און אם ירצה השם איבער אַ יאָר... האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, נאָר ביי אים האָבן קרום אַ ציטער געטאָן זיינע גלייכווערטלדיקע אויגן... דאָס פול געפּאַקטע וועגעלע האָט אַ שווערן סקריפּע געטאָן, און זיך וויגנדיק אַריינגעשניטן אינעם זאַמדיקן וועג. שעה׳ן נאָך שעה׳ן זענען זיי געגאַנגען זייט ביי זייט און גע־שוויגן. דער קאָפּ אַרבעט דעמאָלט נישט געבעטענערהייט. עס פּלאָנטערט זיך אין זיין געדאַנק אַ פאַרשפּעטיקטער טאָרג, פּרעמד געלט. ער דערזעט פּלוצים צביהן אין איר סיטשען קלייד מיטן רויטן טיכל אַרום איר קאָפּ... טרייבנדיק פון זיך שלעכטע מחשבות. גיט ער אַלע מאָל אַ מאָדנעם ווילדן ברום, וואָס ס׳האָט זיך געריסן פון זיין טרוקענער קעל, און קייקלט זיך אַוועק איבער די גרינע בערגער.

ערשט בין מנחה למעריב זענען זיי אָנגעקומען אין שטעטל. עס האָט זיי דערפאר מאָדנע פארקוועטשט דאָס הארץ און עס האָט אויף זיי אַ בלאָז געטאָן מיט טרויער. עס וועט שוין נישט זיין קיין צייט מער די פרוכטן פון די פעס־לעך אַרויסצונעמען . . . דאָס האַלב פאַרמוטשעטע פערדל איז געשטאַנען טריעריק, האָט קענטיק דערשפירט דאָס גרויסע אומגליק . . . אַראָפּ־לאָזנדיק דעם מידן קאָפּ זיינעם און מיט די אויגן ממש זיך געבעטן אַביסל אָפּ־צורוען . . . דער קליינער לייזער האָט שטארק מורא געקריגן פאַר דער אָנקו־מענדיקער נאַכט. ער איז נאָך קיינמאָל נישט געפאָרן ביינאַכט אַליין. ס'האָט זיך פאַר אים גענומען מאָלן אַלע שרעקנדיקע מעשיות, וואָס ער האָט געהערט דער־ציילן פון זיין מוטער. קוים איז לייזער אָפּגעפאָרן אַ שטיקל וועגס איז מיט אַמאָל פינסטער געוואָרן, דער הימל פאַרצויגן מיט שווערע וואָלקנס, ווי שוואַרצע גרויסע בערג. גראָבע טראָפּנס רעגן זענען געפאַלן, בלענדענדע בליצן האָבן דעם שוואַרצן הימל דורכגעשניטן און דאָס קנאַלן פונם דונערן האָט זיך ערגעץ ווייט אַוועקגעקאָלערט. מיד, הונגעריק און שטאַרק דורכגענעצט האָט לייזער אַרויסגעלאָזט די׳ לייצעס פון זיינע הענט — סיי ווי סיי ווייסט דאָס פערד דעם וועג אַהיים, און פאַר פחד אַרונטערגעקראָכן אונטער דער קעל־ניע. יעקב יוסף האָט מיט אַן אָנגעזאָליעט האַרץ זיך אַריינגעוואָרפן אין בעט אַריין און פאַר גרויס מידקייט און זיך באָדנדיק אין אַנגסטן, האָט ער ווי פון היץ גערעדט, געשאָלטן די פּגירה פאַר פטרן דעם גאַנצן טאָג מיט איר שלעפּן זיך און זיך געבעטן מיט טרערן אין די אויגן, עפּעס ווי ער וואָלט מחילה געבעטן ביים קראַנקן חיים משהן . . . ביי צביהן, וועלכע שטייען נאָך אַלץ ביים שיידוועג . . . און ער האָט שוידערדיק אַרויסגעקרעכצט אַ פאַרצוויפלטן „אוי, פאַרשפעטיקט, פאַרשפעטיקט דעם טאָרג . . . “

### געווידמעט מיין פריינט א. נ. שטענצל צו זיין יובל

צוויי הויפּט וועגן פירן צום שטעטל „ר." אין פּוילן, דער זאַמדיקער וועג דורך פאַרשלאָפענע דערפער און פאַרבלאָנדזשעטע פעלדער, באַרג אַראָפּ צו דער יידישער שטאָט, ווו ס׳שטייען אַ ריי קליינע הייזלעך שטאַרק צוזאַמענגעקוועטשט, אַזוי אַז די דעכלעך לייגן זיך איינס אויף ס׳אַנדערע און מאַכן פון דערווייטנס דעם אָנבליק ווי אָנגעוואָרפענע קופּעס ערד. די הייזלעך זענען מיינסטנס באַוווינט פון אָרימע יידישע קרעמער, בעלי־מלאכות און בעלי־עגלות. פון דער אַנדערע זייט, דער שאָסיי פאַרביי דעם שיטערן נאָדעל וועלדעל, וואָס פירט צום מארק, ווו ס׳שטייען די פורמאַנעס ביי זייערע פערד. אַביסל אין אַ זייט אָפּגערוקט פון די פורן זיצן ווייבער ביי די געשטעלן אויף נידעריקע ביינקלעך, שטריקן זאָקן, באַריידן יעדן איינעם און זיפצן אויף זייערע פאַרלאָפענע יאָרן.

משה לייב שמייסער, אַ ייד אין די זעכציקער, מיט אַ גרוי שיטער צעוויל־דעוועט בערדל, האָט געהאַט אַ טבע, שטייענדיק מיט די בעלי־עגלות אין מאַרק, תמיד צו דערציילן די זעלבע גרוילעכע מעשיות, וועגן די גבורות פון זיין זיידן אביש מיט הונגעריקע וועלף, וועלכע זענען אין די פראָסטיקע ווינ־טער נעכט פאַרלאָפן די וועגן, בשעת דורכפאָרן דעם וואַלד, ווען ר׳איז נאָך געווען גרויס און געדיכט. מעשות פון לצים וואָס פאַרפירן אין זומפּן, כאַפּן זיך אַרויף אויף די שווער איבערגעלאָדענע פורן און מאַכן נאָך שווערער דעם טראָט פון די פערד. מען דערציילט די לעגענדעס און מען ווייסט אַליין נישט פון וואַנען מען קען זיי.

שטיל האָט זיך געצויגן דאָס לעבן אינם קליינעם שטעטל „ר", וועלכעס שטייט אָפּגערוקט פון די אַרומיקע שטעטלעך און איז ווייט פון אַ באַן, האָט פון דורות לאַנג געלעבט אין אירע אייגענע באַגרענעצטע ד׳ אמות און נישט געוווּסט וואָס ס׳טוט זיך אויף דער גרויסער ברייטער וועלט, חוץ וואָס די קרע־מער, וועלכע פלעגן פאָרן אין די גרויסע שטעט און מיטברענגען די לעצטע נייעסן, וואָס זענען אין בית־המדרש בין מנחה־ומעריב איבערגעחזר׳ט און אי־בערדערציילט געוואָרן.

קיינער אין שטעטל געדענקט נישט, דאָס ס׳זאָל האָבן ווען עפּעס פּאַסירט, אָדער וואָס צוגעקומען, איין טאָג איז געווען ענלעך צום אַנדערן, איין נאַכט צו דער צווייטער; צייטנווייז פלעגט פון הימל אַראָפּפאַלן אַ לויפנדיקער פאַר־טראַכטער שטערן, וואָס דער עולם האָט דאָס אויסגעטייטשט אויף פאַרשי־

דענע אופנים. דער אַלטער דור פלעגט שטאַרבן און דער יונגער דור צווישן זיך חתונה האָבן, געלעבט משפחה׳וויז, געהאַט כלערליי סכסוכים, זיך אויס־געגלייכט און ווייטער געשפּינט דעם לעבנס שטייגער פון יאָרן לאַנג... ווען נישט די מעשה מיטן קעטשעל אָן פערד, וואָס ס׳איז איינמאָל אין אַ זומער־טאָג אינם יאָר טויזנט נײַנהונדערט פיר געקומען אין שטעטל, דער סאַמעכוד, ווי מען האָט דאָס גערופן, וועלכעס האָט אָנגעוואָרפן אַן אימה, צוליב דעם פאָלק זעלנער, וואָס זענען באַלד דערנאָך געקומען, וואָלט דאָס לעבן, ווי תמיד געפלאָסן אָן שום ענדערונג.

אין די לעצטע צייט האָט משה לייב מיט ביטערקייט אין הארץ, יעדן טאָג איבערדערציילט די מעשה מיטן סאַמעכוד, פון וועלכע זיין ווייב ציפּע איז אומגעקומען אין דער מהומה, וואָס דאָס קעטשל אָן פערד האָט אַרויסגערופן. זיין צעווילדעוועט גרוי בערדל איז בעת זיין אויפרעגונג און צעשפּילטע פאַנ־טאַזיע וועגן דעם געשעעניש, נאָך גרויער געוואָרן. ער האָט דערפילט ווי עס וואַקסט אין זיין נשמה אַזאַ ביטערניש און אין דער זעלבער צייט אַ פחד, אַליין נישט ווּיסנדיק פאַרוואָס. ס׳האָט אים אַרומגענומען אַ רחמנות אויף זיך אַליין.. אַזש טרערן זענען געקומען אין זיינע אויגן. ציפּעס זענען זיינע געדאַנקען נישט געווען קלאָר, וועגן זיין עלטסטן זון בעריל, וועלכער איז באַלד נאָך דער מהומה אַרעסטירט געוואָרן און פאַרשיקט אין ווייטן רוסלאַנד, דער צווייטער זון חיים איז גלאַט פאַרפאַלן געוואָרן. איצט איז ער איינזאַם און עלענד... ס׳האָט זיך אים געדוכט דאָס זיינע זעכציקער יאָרן חוזקן פון אים. ער האָט מיט זיין שטאַרקע האַריקע האַנט אַ פאָכע געטאָן אין דער לופט, ווי איינער זאָגט פאַר־פאַלן, געבוירן געוואָרן אין אַ פינסטער מזל.

צווישן די מאַרק זיצערינס איז אויך גאַנץ שטיל נישט געווען, אויסער דאָס אָפּלאַכן און באַריידן יעדן איינעם, פלעגט זיך תמיד קאָכן, וועגן די פאַרלעך וועלכע זענען פון צייט צו צייט געקומען פון דער געגנט אַרום, גט׳ן זיך.

באַשע די אלמנה, נאָך אַ יונגע ווייבל, מיט לויפנדיקע קליינע אויגן, אונטער אַ קורצן שטערן און אַ ב ל אַ ס ד ע ר ש ר אָ ק ן פּ נ י ם, האָט פון די אָנגעקומענע פורלעך אינם מאַרק גלייך דערקענט די פאַר־שוינען, נאָך זייער גאַנג, וועגן וואָס ס׳האַנדלט זיך; פלעגט זי אַרויסשיסן מיט אַ הילכיקן געלעכטער, שטורכנדיק איר שכנטע גענענדעל אין דער זייט, אַ ברייטע יידענע מיט אַ קליין קעפּל, וועלכע איז געזעסן ווי איינגעקוועטשט אין אירע פליישיקע אָקסלען מחמת פעטקייט. באַשע פלעגט בעת אַזעלכע פאַלן, מיט איר קוויטשעדיק האַלב־היזעריקן קול כמעט ווי אויסשרייען: זע נאַר זע, דעם עובר־בטל׳ניק: ר׳איז דאָך גאָר קיין זכר נישט, דאָס האָט נאָך טענות, באשר, בכן... זיין יונג ווייבל, ווייס איך וואָס: מענטשן ריידן, דאָס ציפּעס אַ ליטוואַק, אַ זעלנער, נו, מיין דאגה.

יענטע, אַ הויכע יידענע מיט אַ פאַרפלאַמט רויט פּנים, האָט אַרויסגעלאָזט דעם זאַק מיט די שטריק־נאָדלען פון איר האַנט און מיט אַ געמאַכטן שמייכל,

זיך אַנגערופן: „יידישע חתונות, משטיינס געזאָגט... ס'איז דען אַ וואונדער וואָס דער אַלטער רב קלאָגט אויף אונזער יידישן מזל... ווייס איך, אַ יונג ווייבל האָט פליי אין דער נאָז און ווינט אינם קאָפּ. מיין באָבע אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל זי האָבן, פלעגט זאָגן, אַז מען קלינגט איז חגא...

באַשע האָט פאַרזשמורעט אירע לויפנדיקע אויגן אונטערן קורצן שטערן און זיך אַרומגעקוקט, אַזוי ווי זוכנדיק וועמען, ס'איז איר פלוצלינג דורך אַ געדאַנק, ווען ס'מאַכט זיך איר אַ שידוך מיט אַ לייטישן מאַן. זי האָט זיך פאַרטראַכט: שוין ס'דריטע יאָר ווי איר מאַן איז געשטאָרבן, זי איז נאָך יונג און פול מיט לעבן... אַ וואַרימקייט האָט זיך צעגאָסן איבער איר לייב, איר קערפּער האָט אויפגעציטערט פון דער נייער מחשבה, אפשר... מיטן נייעם אלמן... און נאָך אַ קליינע ווײַלע שוויגן צו זיך זאָגן: פאַר וואָס טאַקע נישט? אמת משה־לייב איז מיט אַ סך יאָרן עלטער פון איר, אָבער נאָך אַ געזונטער. איי וואָס דער עולם זאָגט דאָס זינגט די מהומה איז ער נישט מיט אַלעמען... עפּעס האָבן אירע געדאַנקען גענומען פּלאָנטערן זיך. איר בלאָס דערשראָקן פנים האָט זיך עטוואָס געראָיטלט, ס'איז געוועזן קענטיק דאָס עפּעס קומט פאָר אין איר מחשבה, ס'האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי איינער זאָגט: עט, נאַרישקייטן.... די נישט דערזאָגטע ווערטער זענען געבליבן הענגען אויף איר אָביסל דיקליכע אונטערשטע ליפּ, דערבײַ שעלמיש אַ שמייכל געטאָן, וואָס האָט זיך ברייט געלייגט אויף איר בלאָס דערשראָקן פנים.

פאַרשמייעטע יידן, וועלכע האָבן בירושה איבערגענומען די פּרנסות פון זייערע פאָטערס, האָבן פּונקט אַזוי ווי זייערע זיידעס די גאַנצע וואָך זיך אַרומגעדרייט אין מארק זוכן עפּעס אַ געשעפטל, געשטאַנען אין רעדלעך מיט די הענט אין די ברייטע אַרבלען און שמועסן וועגן זאַכן, וואָס זענען לעצטנס איבערגעגאַנגען פון מויל צו מויל מיט אַ געהיימניספולן טאָן... אָבער אַמיינסטנס גערעדט וועגן די ירידים, וואָס יעדער ייד וואַרט דערויף; וועגן מקח פון די טליתים, וואָס ווערן אינם שטעטל געמאַכט, וועלכע האָבן אַ שם אין דער סביבה און מיט בטחון אין האַרצן אויסקוקן אויף אַ פאַרדינסטל פאַר בני־בית.

ר' יענקעל, אַן אָפּגעקומענער בעלי־בית, וועלכער האָט באַהאַלטענערהייט געהאַט אַ שטיקל שענק, האָט זיך געדרייט צווישן די רעדלעך יידן און מיט אַ פרום פנים געזאָגט, גלויבט מיר, ווען עס זאָל זיין אחדות צווישן יידן, וואָלט משיח געמוזט קומען. בשעת מעשה אין זינען געהאַט דאָס לעצטע פּעקל, וואָס ער האָט אויף זיך געהאַט. צוליב אַ מסירה פון עפּעס אַ שיינעם יידן, דערבײַ שטאַרק געקרעכצט: אוי, אַ שווערע פּרנסה... דאָס גאַנצע רעדל מיט באַבערדעלטע קעפּ האָבן צוגעשאָקלט: יאָ, שווערע פּרנסות.

פאַרטיפט יעדער אין זיינע רעיונות, האָבן זיי מיט אַ באַזונדערע בייַנקשאַפט אין האַרצן געציילט די טעג, צו הערן דעם רוף פון הערשל שמש, אַ ייד קיילעכדיק ווי אַ פעסל, מיט קורצע פיס, וועלכער פלעגט יעדן פרייטאָג נאָך

האַלבן טאָג, לויפן אובער די קרומע געסלעך און שרייען: „יידן שבת, יידן מאכט שבת!" דער רוף האָט אַלעמען באַפרייט פון עפּעס אַ שווערן קאָשמאַר, וואָס האָט זיך געהאַנגען איבער יעדן ייד די גאַנצע וואָך. צופרידענע פון דער מנוחה, וואָס דער הייליקער שבת ברענגט אַריין אין די קליינע אָרימע יידישע הייזלעך, פלעגן זיי מיט אַ באַזונדערע הנאה זיך פארקוקן אין די שטילע שבת ליכט, ווי די פלעמלעך רייסן זיך דורך די קליינע שויבלעך אין געסל אַריין; באַהעפטן זיך מיט די שטערן, וועלכע האָבן אינם שבת אָוונט הערלעכער געבלענדט און געבלישטשעט.

דער טייך, וואָס נעמט אַרום דאָס שטעטל אין דער פאָרם פון אַ „ד", האָט אין די שבתדיקע טעג אָנגענומען אַ באַזונדערע קאָליר, אַ קאָליר פון בלוי און העל גרין, פאַמעלעך פליסנדיק צווישן די באַגראָזטע ברעגעס. סאַמעטענע און זיידענע קליידער, גאַרטלען און פוטערנע שטריימלעך פון הדרת־פּנימדיקע יידן האָבן מיט געמאָסטענע טריט געשפּרייזט איבער דער האָלצערנער בריק און זיך אָפּגעשפּיגעלט אינם וואַסער. די אַריבערגעבויגענע ווערבעס, האָבן זיך צוגעוויגט ווי אין אַ שטילער סודות׳פולער תפילה. עס האָט געמאכט דעם איינדרוק, ווי איינער זאָגט: דרך־ארץ, ס׳שטעטל האלט שבת.

צוויי סאָרטן בעלי־עגלות האָט דאָס שטעטל געהאַט און פון יעדן סאָרט צוויי קאָנקורענטן. דער אַלטער אברהם קישקע מיט זיינע בנים האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע שטאַל מיט פערד און געפירט פּאסאזשירן צו דער באַן פונם שטעטל „ס". דער צווייטער הערש־בער דער פערד־הענדלער, וואָס דער עולם האָט אים גערופן בעריל קאַפּיעץ, מחמת דעם וואָס זיין בערדל איז געווען אונטער־געשוירן און פאַרשפּיצט, ווען משה־לייב איז נאָך גאָר יונג אָנגעקומען אַלס שמייסער. אָבער צוליב די שטענדיקע קאָנקורענץ פלעגן זיי צווישן זיך תמיד קריגן און דאָס אמת׳ע געשלעג אָפּלייגן אויף שמחת־תורה.

עס לעבט אויף ביי משה־לייב אין זכרון די סביבה, אין וועלכע ער האָט פאַרברענגט זיינע קינדער יאָרן. דער געראַנגל פאַרן טאָג טעגלעכן לעבן פון זיין פאָטער אהרן־דוד פורמאַן, וועלכער האָט קוים געהאַט אויף חיונה און תמיד זיך באַקלאָגט אויף זיין פינסטער מזל. די מוטער וואָס פלעגט שטיין אי־בער אַ באליע וועש און אַלץ טאָן כדי דאָס שטיקל אָרימע לעבן צוזאַמענ־האַלטן. ער האָט זיך געחידושט, וואָס דוקא איצט לעבט דאָס אַלץ אויף ביי אים פונדאָסניי.

אין זיין געדאַנק שווימען פאַרביי בילדער, לאַנג פאַרגעסענע, פאַרלעגע־נע. אינוויייניק אין זיין האַרץ פלעגט וואָס אויפשטיין און דערציילן פון אַ וויל־דע יוגנט, פון אַלעס וואָס ער האָט דורך זיין רעשיק לעבן דורכגעמאַכט. עס האָט זיך אים דעמאָלט געדוכט, דאָס ס׳זיצן אין אים צוויי נשמות, איינע אַ פאָרחלומטע, וועלכע האָט ליב געהאַט צו ליגן אויף די ברייטע פעלדער, מיטן פנים אַרויף און זיין מוח איז אין גאַנצן געווען פאַרנומען מיט דער איינציקער מחשבה, אַז דאָס לעבן איז דער עיקר, ס׳איז געגעבן געוואָרן צו געניסן, הנאה

צו האָבן. זיין יונגע נשמה איז דעמאָלט געווען פול מיט אמונה, אַז דאָס אמתע לעבן דאַרף ערשט קומען. אָבער וואָס האָט דאָס לעבן אים געגעבן, וואָס ? ער האָט דערפילט אַ פוסטקייט אין זיין האַרץ, וואָס האָט ביטער געשריגן, דאָס פון זיינע חלומות און מחשבות האָט דאָס לעבן פון אים נאָר אכזריותדיק גע־לאַכט... דער אַנדערער, דער עזות׳ניק אין אים האָט ווילד הנאה געטאָן פון דעם וואָס אַלע אינם שטעטל, האָבן פאַר אים מורא געהאַט. געטאָן אַלעמען צו־להכעיס און תמיד געוואָלט משונה׳דיקע זאַכן, עפּעס ווי אַ קליפּה וואָלט אין אים געזעסן.

זיינע געדאַנקען טראָגן אים אַוועק ווייט, ווייט. אַ שוידער גייט דורך זיין לייב דערמאָנענדיק זיך געניי אַלע פרטים, ווי אַזוי ער האָט זיך מיט צי־פּע׳ן באַקענט... זיך געליבט און ווי ער פלעגט אין די האַלב טונקעלע פרי־מאָרגנס, ווען ס׳שטעטל איז נאָך געשלאָפן אָפּוואַרטן דאָס שוואַרץ חנעוודיקע דינסטמיידל, וועלכע פלעגט אַרויס אין הויף עפּעס צו נעמען, אַ באַרוויסע מיט אַ פאַרשלאָפן פנים, צעפּלאָשעטע האָר, וועלכע זענען געפאַלן איבער אירע פעסט געבויטע פּלייצעס. דאָס קליידעל שמאָל, אַזוי דאָס ס׳האָט זיך בולטער אָנגעזען איר שיין געפאָרמטע ווייבלעכע פיגור, האָט זי אין די האַלב טונקעלע פרימאָרגנס אויסגעזען באַזונדערס רייצענד.

משה לייב פלעגט אויס געוווינהייט אַ לאַנגע צייט שטיין און אויף איר קוקן, ס׳האָט דעמאָלט זיך אים אויסגעדוכט, דאָס אירע שוואַרצע אויגן גלאַנצן נאָכמער ווי די אויגן פון זיינע צוויי קאַרע פערד. ער פלעגט שטאַרק דריקן איר האַנט, דערביי מורמלען אונפאַרשטענדלעכע ווערטער, בעת זי פלעגט צוריק־האַלטן זיין הייס ברענענדיק פנים פון איר שטאַרק באַוועגענדע ברוסט... דאָס זענען געווען שווערע מינוטן. ער האָט זיך אַזוי מאָדנע געפילט, ווען זי פלעגט אים מיט אַן אויסערגעוויינלעכן כוח אָפּשטופּן און ווילד אין זיין פנים אַריינ־געלאַכט, וועלכעס האָט דאַמאָלט אין זיין הייסער יוגנטס לוסט, אויסגעזען צו גלעטן זיינע הייסע בלוטן... איצט וואָלט ער איר געזאָגט אַז דאָס איז געווען אַ נאַרישער שמייכל.

לכתחילה האָבן זיי זיך געטראָפן אַלע אינדערפרי. שפּעטער צו האָט זי זיך יעדן פאַרטאָגס פאַרגנבעט צום שטאַל ווו ער האָט געפּוצט די פערד. איינמאָל איז זי צוגעקומען אַזוי נאָנט, דאָס ער האָט זי אַ צי געטאָן צו זיך, זי האָט גע־קוויטשעט, געלאַכט, זי ווייס אַליין נישט ווי אַזוי דאָס איז פאַרגעקומען, צי איז דאָס געווען עפּעס אַ כישוף, אָדער עפּעס אַנדערש... אָבער מיט אַ צייט שפּע־טער האָט זי אויפגעהערט צו לאַכן ; זי האָט אָנגעהויבן גאָר צו וויינען, דאָס ער האָט איר אומגליקלעך געמאַכט... מ׳וועט איר אָפּזאָגן פון דער שטעלע. ס׳האָט אים פאַרקוועטשט ביים האַרצן און פון זיך אַליין האָבן זיינע ליפּן זיך באַוויגן : ציפּעניו קרוין, וויין נישט, מיר וועלן שטעלן אַ חופּה. יאָ, מיר וועלן. ער האָט אויסגעשטרעקט זיינע שטאַרקע האָריקע הענט אַזוי ווי וועמען אַרומ־צונעמען ; ער האָט זיך אַרומגעקוקט און געבליבן שטיין תמעוואַטע. זיינע גרויע

אויגן האָבן פֿאַרטראַכט געקוקט אין ווייטן מרחק אַריין.

אין זיין זכרון וואַקסט אויף דער שבת, ווען די פֿאַמיליעס זענען צוזאַמענגעקומען, מען האָט געבראַכן טעלער, און אין אַ פּאָר וואָכן אַרום טאַקע חתונה געהאַט. נאָך אַ נידעריק ביינקעל איז מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער אין מאַרק צוגעקומען און אַזוי ווי אַלע ווייבער פֿון איר שטאַנד, געוואָרן אַ מאַרק זיצערין. ווינטער איבערן פֿייער טאָפּ פֿאַרקויפֿן הייסע באָב. זומער נעבן אַ גרויסן קויש מיט אויבס... און אָט זעט ער זי זיצן שטריקן זאָקן און פֿאַרטיפֿט אין אַן ענין וועגן ווייבערשע זאַכן! ער האָט זיך געחידושט, זיין ווייב ציפּע, איז שוין טויט אַ שטיקל צייט און אָט זעט ער זי, גלייך ס׳וואָלט ערשט געווען נאָך זייער חתונה. אויף זיין רעיון שווימט אַרויף די מהומה. דער טאָג איז דעמאָלט געווען אַ לויטערער, די זון האָט געשפּריצט מיט פֿלאַמענדיע שטראַלן און געבאָדן דאָס שטעטל אין אַ גרויסע היץ. ווען פּלוצלינג איז פֿונם שאָסיי וועג אַנגעפֿאָרן עפּעס אַ פּריץ מיט גאָלדענע קנעפּ, אין אַ קעטשעל אָן פֿערד, מיט אַזאַ רעש אַז דאָס שטעטל האָט אין דעם אויגנבליק אויסגעזען אויסטערליש; עפּעס ווי די גאַנצע וועלט איז מיט אַמאָל משוגע געוואָרן.

דער עולם האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו זען דעם נייעם וווּנדער, ס׳האָבן זיך געעפֿנט טירן, פֿענסטער, די בעלי־עגלות האָבן געמוזט שטאַרק האַלטן די פֿערד ביי די צוימלעך, וועלכע האָבן זיך איבערגעשראָקן און געשפּרונגען פֿון דער הויט. די צוויי קאַרע פֿערד האָבן זיך אַ ריס געטאָן פֿון זיינע הענט און מיט אַן אימפּעט אַריין צווישן די געשטעלן. ס׳איז געוואָרן אַ געשריי, די קולות האָבן זיך צוזאַמענגעמישט מיט דעם געקלאַפּ פֿון די פֿערדס פּאָדקאָוועס, דער טומל איז געוואָרן שרעקלעך גרויס, דאָס מענטשן האָבן נישט געוווּסט ווו צו לויפֿן. ציפּע זיין ווייב, אַ שווער באַלייבטע יידענע, וועלכע האָט מיטגעהאָלפֿן אין דער פּרנסה איז געפֿאַלן אין חלשות. ס׳האָט זיך יעדע מינוט געבילדעט אַ קראַנץ פֿון מענטשן, וואָס פּלעגן זיך אָפּשטעלן, וואַרפֿן אַן אומרויִקן בליק. מען האָט געטאָן כל־התפּעלות זי צו מונטערן, באַגאָסן מיט שעפּער וואַסער, געשפּריצט מיט אקאוויט, צוגעשטעקט צו איר נאָז פֿאַרשידענע שטאַרקע טראָפּן, געריבן די שלייפֿן, ס׳האָט אָבער נישט געהאָלפֿן, זי איז געבליבן ליגן מיט פֿאַרהאַקטע ציינער, פֿאַרגלייזטע אויגן און אַ שטאַרק בלייך פּנים.

ווען משה לייב איז מיט אַ געבראָכן געמיט און אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ אַהיים געקומען, האָט שוין זיין ווייב ציפּע אויסגעהויכט אירע לעצטע מינוטן. זינט דעמאָלט זאָגט דער עולם, איז זיין זכרון נישט אין אָרדנונג און אפשר... האָט ער ביי זיך געטראַכט, אַ מורא פֿאַר עפּעס אונבאַוווּסטעס, געהיימעס, שרעקלעכעס, איז ביי אים אין האַרצן געוואַקסן. ער האָט אַלץ אָנגענומען פֿאַר אַ שלעכטן סימן, אַז תמיד לאָקערט נאָך אים דער פֿינסטערער מזל... ר׳האָט זיך געפֿילט דאָס ער איז דער אומגליקליכסטער מענטש.

דער שטאַרשי סטראַזשניק, אַ ברייטביינערדיקער גוי, וואָס איז תמיד

מוכן ומזומן געווען אָנצולערנען די זשידיס, איז מיט אַ געבייזער און רויט פּאַר כעס אָנגעלאָפן, מיט דער האַנט אויפן הענטל פון זיין שווערד, וואָס איז געהאָנגען ביי דער זייט און נאָך געבאָמבעלט בשעת זיין לויפן. אין דער אַנ־דערער האַנט דעם רעוואָלווער, גלאַט אַזוי לפנים, צו ווייזן דעם פּריץ דאָס ער איז גרייט אָפּצוהיטן דאָס געזעץ. הינטער אים איז ווי אונטערגעשפּרונגען דאָס קליינע סטראַזשניקל. אדאש, דער זון פונם שטאָטס גביר, דערהערנדיק דעם טומעל, מיינענדיק דאָס ס׳ברענט ערגעץ, איז אַרויס מיטן פּייערלעשערס היטל אויפן קאָפּ, וועלכעס האָט אין די ברענענדע תמוז זון געבלענדט און געפינקלט. דערווייל האָט זיך געקליבן אַן עולם אַרום דעם קעטשעל, מען האָט זיך גע־קליגעלט און יעדער אויף זיין שטייגער די זאַך דערקלערן.

אפרים זייגערמאַכער, אַ ייד שוין אין די יאָרן, מיט אַן איינגעהויקערטע פּלייצע, אַ לענגלעך באַוואַקסן ביינערדיק פּנים און אַ לאַנגע נאָז מיט אַ הויקערדיקן ביין אינדערמיט, אויף וועלכן ס׳זיינען געזעסן אַ פּאָר בלויע ברילן; דער עולם האָט אים גערופן אפרים חקרן און אים געהאַלטן פּאַר איינעם וואָס קען אַלץ און ווייס אַלץ. ער האָט די זאַך דערקלערט על פּי שכל, אַזוי ווי אַ חקרן, אַ זייגערמאַכער, אַז אַלץ איז אַ שפּרוזינע און אויפגעוויזן אַז דאָס איז נאָך גאָרנישט, וואָס די מענטשהייט וועט דערגרייכן, דערביי האַלטן אַ דרשה וועגן לויף פון דער געשיכטע, דערקלערן דאָס דורך די שנעלע פּאַרבינדונגען, פון איין פּאָלק מיטן צווייטן, ווי די רעדלעך פון אַ גייענדיק געווערק, וועט די גאַנצע מענטשהייט באַגליקט ווערן.

עס האָט פּאַמעלעך אָנגערוקט דער פאַרנאַכט, די זון האָט זיך אַרונטער־געלאָזט צו מערב און הינטער דעם זאַמדיקן באַרג זיך געפּאָרמט אין אַ גרויס רונדיקן פייערדיקן קוגעל. פאַרשידענע ריחות האָבן זיך אַריינגעגנבעט פון די פרישע ברייטע לאָנקעס, מיט אַ מילד ווינטל וואָס האָט געקילט די הייסע לופט. יידן האָבן אינם בית־המדרש בין מנחה־ומעריב, מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם גערעדט וועגן דעם געשעעניש. ר׳ שמעלקע, אַ קליין יידל אַן אויסגע־פּילטפּ, און אַ כעסן, וועלכער האָט תמיד געהאַלטן דאָס שטעטל אויפן אויג, איז מיט אַ כיון פאַרבייגעגאַנגען נעבן אפרים חקרן און להכעיס׳דיק אַ זאָג גע־טאָן: „אין כל חדש תחת השמש!" ר׳האָט אַ מאַך געטאָן מיט זיין פּעט פּוכיק קליין הענטל, וועלכעס האָט געמיינט, אַז ער האַלט נישט פון זיינע חקירות. אַן אַנדערש מאָל וואָלט דאָס אַרויסגערופן אַ פּילפּול, אָבער דאָס מאָל זענען די ווערטער געבליבן הענגען אין אַ שטיקענדיקע לופט, מחמת דער עולם איז איצט געווען פאַרנומען מיטן זאָגן אַ קאַפּיטל תהלים פאַר דער נשמה פון משה־לייבס ווייב ציפּע.

אמת, אַז קיין זאָרג האָט אינם שטעטל קיינמאָל נישט געפעלט, יעדער האָט געהאַט מיט זיך צו טאָן. איז אָבער צו די אַלע דאגות צוגעקומען אַ פרישע זאָרג דער נייער אלמן. כאָטש די גאַנצע זאַך פון דער מהומה איז שוין געווען פאַרבלאָסט אין יעדנס זכרון, האָט אָבער אברהם־בער דער שטאָט־שדכן אַן

משה־לייב נישט פאַרגעסן און געזונטע דער אין האַנט אַרייק. ס׳איז נישט געוועזן אַזוי געשווינד ווי מען זאָגט, באמת האָט משה־לייב נישט געקליבן זיך חתונה צו האָבן; די געשעעניש איז נאָך געווען פריש אין זיין זכרון. ער איז אָבער געווען שטאַרק דערשלאָגן און געפילט זיך איינזאַם און עלענד... די ווערטער פון אברהם־בער: עד מתי, ווי לאַנג קען אַ ייד זיך וואַלגערן איינער אַליין... און געגעבן אים צו פאַרשטיין, דאָס באַשע די יונגע אלמנה, באַשטייט אויפן שדוך און איז גרייט מיט אים חתונה צו האָבן. ער האָט זיך פאַרטראַכט, עפּעס אַ געדאַנק איז אַדורך טיף אין זיין מחשבה, און אים נישט געגעבן קיין רו. גאַנצע שעה׳ן ביז שפּעט אין דער נאַכט, פלעגט ער זיצן ביים פענסטער פון זיין קליינעם שטיבל און מיט זיך אַליין אײנטענה׳ן: שוין פינף און דרייסיק יאָר ווי איך בין שמייסער, אינגאַנצן אַלט אַ יאָר זעכציק, איך זאָג אין גאַנצן, דערפאַר ווייל איך רעכן נאָך אַ סך צו לעבן... פאַרוואָס טאָקע נישט חתונה האָבן? וואָס איז משטיינס געזאָגט אַ מענטש אַליין? ס׳איז דאָך בכלל אַ יידישע זאַך...

יענע נאַכט, ווען משה לייב האָט צוגעזאָגט דעם שטאָט־שדכן, אברהם־בער, צו געבן אים אַן ענטפער, האָט ער נישט צוגעמאַכט קיין אויג. עפּעס זיי־טיקע זאַכן קריכן אין זיין שווער מידן קאָפּ. זיין בליק איז געפאַלן צום פענסטער, די לופט איז געווען שטיל דורכזיכטיק און פריש, די נאַכט פינסטער, דער שוואַכער שיין פון זיין קליינעם לעמפּל, ווינקט צו אים עפּעס אַזוי געהיימניס־פול. ס׳דאַכט זיך אים דאָס די שאָטנס אויף די ווענט הייבן זיך אָן באַוועגן און קריכן אַריין אין די האַלב אָפענע אויגן. דורך זיין איינגעשלעפערטן מידן מוח שווימען פאַרביי נעבעלדיקע געשטאַלטן. עפּעס זעט ער דעם ברייטן שאָסיי ווו ס׳ציען זיך לאַנגע שורות מיט פורן. ער דערקענט דאָס שיטערע וועלדעל! און וואָס טוט זיין ווייב ציפּע דאָ? ר׳וויל אַראָפּשפּרינגען פון זיין פור און צולויפן צו איר און קען נישט. ער דערפילט אַ שטאַרקע ווייטאָק אין אַלע זיינע גלידער, עפּעס איז אים אַזוי הייס און דושנע. אָט זיינען זיינע צוויי זין געקומען. אַ שאָד וואָס ציפּע איז נישט דאָ. זיי וויינען און ער בעט זיך ביי זיי: קינדערלעך, גענוג... ר׳האָט זיך פּלוצלינג אַרומגעקוקט אינם שטיבל און זיך געחידושט: וואָס טוען אָט די אַלע מענטשן דאָ? זיין פּנים איז געוואָרן פאַרענדערט און זיין מידער קאָפּ איז געפאַלן אויף צוריק. ער האָט אַ שטאַרקן קרעכץ געגעבן און זיינע ליפּן האָבן שטיל געשעפּטשעט: אַלץ די מהומה, אַלץ די מהומה.

ווען אברהם־בער איז צו מאָרגנס געקומען וועגן אַ תשובה האָבן שוין בעלי־עגלות פון זיין חברה געזאָגט תהלים פאַר זיין נשמה וועגן.

אויף די גאַסן פונם שטעטל „ר״ איז שוין לעבעדיק. מענשן גייען, אײלן, באַגעגענען זיך, און גייען פאַנאַנדער אין דעם אומאויפהערלעכן געדראַנג פון אַרום אויף דעם גרויסן יריד, וואָס פאַלט אויס אין איינעם פון די ערשטע טעג פונם חודש תמוז. עס האָט זיך פון גאַנץ פרי געשטעלט אַ שיינער וואַרעמער טאָג, אַ זומער טאָג, וואָס וועקט ביי יעדן גרויסע האָפנונגען אויף אונערוואַר־טעטע גליקן און פאַסירונגען. אויף די וועגן נישט ווייט פון די געסלעך איז גע־שטאַנען אַ גרויסער שטויב, ווי אַ געדיכטער נעפל, און זיך געוויקלט אַרום דעם רוישיקן אַריינפאָר אינם שטעטל. באַשטויבטע פערד מיט וועגענער שניידן זיך פונם נעפל שטויב אַרויס און פאָרן מיט רעש אינם מאַרק אַריין שטעלנ־דיק זיך אין אַ מאָדנעם געפלעכט. פויערים אין גרויע כאַלאַטן מיט ברייטע הויזן, פויערטעס אין געבלימלטע ספּודניצעס זיצן אויף די פורלעך מיט קוישן, און קוקן תמעוואַטע אין גאַס אַרום. זייערע רוישיקע קאָלירטע סטענגעס פלאַ־טערן אין דער לופט, פון גאַנץ פרי ביז שפּעט אין די פאַרחלומטע נעכט אַריין. יעדער לויפט נאָך עפּעס, פאַר עפּעס . . .

האַרט ביי דער אַנדערער זייט בריק, וואָס מען רופט די יידישע שטאָט, ווו עס געפינט זיך די מיינסטע אָרעמקייט, שטייען אָן אַ סדר צונויפגעפּרעסט, זייער געדיכט, האַלב איינגעפאַלענע הייזלעך, אונטערגעשפּאַרט מיט שווערע קלעצער, איינס נעבן אַנדערן, אויסמורא נישט אומצופאַלן, מחמת אַלטקייט. אין איינעם פון די הייזלעך וווינט שמואל ראַזאָווניק. אַ ירושה וואָס ס׳איז אי־בערגעגאַנגען פון זיין זיידן דעם תבואה־הענדלער, און וואָס ער הייסט טאַקע נאָך אים, צו זיין פאָטער, ר׳ ברוך דער גמילות חסד ייד, ווי מען האָט אים אינם שטעטל גערופן, מחמת דעם, וואָס יעדן מאָנטאָג און דאָנערשטאָג פלעגט ער אַרומלויפן און כאַפּן גמילות חסדים׳לעך, און איצט האָט ער דאָס הייזל בירושה פונם טאַטן.

ווי לאַנג דאָס הייזל שטייט איז שווער צו וויסן. די אַלטע לייט זאָגן, אַז עס איז גאָר אַ לאַנגע צייט. ער ווייס נאָר, אַז דאָ אינם הייזל, איז זיין פאָטער געבוירן געוואָרן, און צווישן די ווענט פונם געוועלבל און שטויב, וואָס ס׳איז תמיד געווען באַלייגט מיט זעק מיט מעל, און ס׳דערמאָנט אין ירידישן גע־רוישן, האָט ער פאַרברייגגט זיינע אַלע יאָרן.

מיט אַ ברעכעניש אין די אַלטע ביינער איז ר׳ שמואל ראַזאָווניק אויפגע־שטאַנען היינט גאָר פרי, און אַראָפּלייגנדיק טלית און תפילין איז זיין פאַר־נעפּלטער בליק געפאַלן אויף דעם פאַרזשאַווערטן טשוואָק ווו ס׳איז געהאָנגען דער אַלטער ירושהדיקער וואַנט־זייגער; זיין איינציקער פריינט, וואָס האָט

מיט זיין שטענדיקן טיק־טאַק אים באַגלייט אַלע זיינע טעג, און זעט איצט אויס ווי אַן אַלט פאַרווינט פּנים, מיט טיפע קנייטשן, וואָס יעדער קנייטש דערמאָנט אין זאַכן, וואָס מען וויל תּמיד באַהאַלטן, אַפילו פון זיך אַליין. עס טועט אויפטויכן אין אים זיסע און ביטערע דערינערונגען, וואָס ער האָט איי־בערגעלעבט אין די ד׳אַמות פון דעם שטיבל... אינם שטעטל האָט מען אים גערופן שמואל ראַזאָוניק מיט דער דירה. ראשית צוליב דעם, וואָס ער און זיינע בגדים זענען שטענדיק געווען באַשטויבט מיט ווייסע גרויע מעל. אויך וואָס ער נעמט שטענדיק אין חשבון אַריין די דירה, ווען ער קלייבט זיך חתונה צו האָבן.

די זון האָט הויך אין הימל זיך געשטעלט, און באַגאָסן אַלץ מיט זונען־גלאַנץ, וועלכע האָט זיך דורך די שפּעלטלעך פון די צוויי קליינע פענסטערלעך אין זיין שטיבל אַריינגעריסן. געלאָזט פאַלן אַ שטראַל, וואָס האָט זיך געלייגט ווי אַ גאָלדענע סטענגע סקאָסנע איבער די צוויי בעטן, וועלכע שטייען פון לאַנגע יאָרן, איינס קעגן אַנדערן נאָך עד היום. און עס שמעקט נאָך אַלץ מיט מאַן און ווייב... ער האָט זיך אָנגעטון אַ כּוח און איז אַרויס פונם שטיבל...

* * *

שמואל ראַזאָוניק מיט דער דירה, איז שוין געווען אַ ייד אויף דער עלטער, מיט אַ ווילד פאַרפּלאָנטערטע לאַנגע ווייסע באָרד, וואָס ס׳האָט זיך ברייטלעך געלייגט ווי אַ פּאַס ווייסער שניי, אויף זיין איינגעפאַלענער ברוסט. און ס׳האָט זיך געדאַכט, ווי ער וואָלט דאָרט אַ גרויסן סוד פאַרבאָרגן. אַ דאַרער מיט אַן אויסגעקרימטע פּלייצע, און געשוואָלענע בייטלעך אונטער זיינע פאַרלאָ־פענע אויגן, וואָס זענען רויט געווען פון נישט דערשלאָפענע נעכט, וועלכע וועקן אין זיינע צורייצטע מחשבות געפילן, וואָס ס׳האָבן נישט ווילנדיק אין זיין האַרץ זיך באַזעצט. קאַלטע שווייס־טראָפּן האָבן זיך פון זיין מרה־שחורה־דיקן פּנים אַראָפּגעגליטשט, און געבליבן הענגען ווי טוי־טראָפּן אויף זיין ווייסע באָרד. פאַרצווייפלט און באַאומרואיקט וועגן זיין איצטיקן לעבן, וואָס ער זעט נישט מער פאַר זיך קיין צוקונפט. סיידן ער זאָל נאָך אַמאָל? . . . ער האָט מיט זיין לאַנגער ביינערדיקער האַנט אַ פּאַך געטון אין דער לופט, ווי ער וואָלט געזוכט צו פאַרטרייבן אַ געדאַנק, וואָס גיט אים קיין מנוחה נישט. אַ טיפע בענקשאַפט האָט אים אַרומגענומען נאָך עפּעס אַ מענטש, פאַר וועמען דאָס האַרץ זיך אויסצורעדן.

אויף דער יידישער שטאָט, האַרט ביי דער בריק, האָט דער רעש פונם יריד· אָממיינסטן זיך צוזאַמענגעטראָפן. עפּעס ווי צו להכעיס דעם שטילן טייכל, וואָס שניידט דאָס שטעדטל דורך כּמעט אין צווייען, און פליסט זיך געלאַסן, באַלעבנדיק די קרומע ברעגן, וואָס זענען באַוואַקסן מיט בוימער און גראָז; וועלכעס ציט זיך ווי אַ שפּיגל גלאַט, און עטוואָס געפאַלדעוועט, ווייט

אַוועק, אַריינפאַלנדיק ערגעץ אין אַ שטיק הימל. נאָר די בריק פאַרבינדט דעם טייל שטאָט, מיט די פאָרשטאָט צום מאַרק צו, און פון דאָרטן אויף דעם וועג, וואָס פירט צו די ברייטע גרויסע וועלט . . .

דער אַלטער שמואל איז געשטאַנען נעבן זיין הייזל, וואָס האָט זיך גע־טונקען אין אַ גאָלדענע פרימאָרגן זון. זיך צוגעהערט צו דעם רויש און טומל, וואָס איז געווען אין סאַמען ברען. ער האָט זיך געחידושט וואָס אַלץ איז אים היינט אַזוי פרעמד, עפּעס גאָר נישט ווי אַמאָל; ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז די זון און אַלעס אַרום מאַכט חוזק פון זיין איינגעשרומפּענעם גוף. פאַרטיפט אין זיינע פינסטערע מחשבות, האָט ער טרויעריק געקוקט אויפן הייזל, און געוועלבל, וואָס ס׳האָט באַזונדערס היינט אויסגעזען אַלט און אָפּגעטראָגן. אויף זיין צעאַקערטן פאַרמעט שטערן, האָט זיך באַוויזן אַ טיפער קנייטש. פונם געדאַנק, אַז ער און דאָס הייזל טראָגן בשותפות די לאַסט פון דער צייט... אַ טיפער זיפץ רייסט זיך פון זיין צעבראָכן האַרץ אַרויס. און שטיל אין זיך אַ זאָג אַריין געטאָן: עט. פאַרט אַ דירה... אַמאָל איז עס געווען אַ רוישיקע דירה... דאָס איז געווען מיט אַ לאַנגע צייט צוריק; פאַר זיינע אויגן שווימען פאַרביי טעג, יונגע צאַפּלדיקע טעג, וואָס לעבן אין זיין זכרון סיי בייטאָג און סיי ביינאַכט. ער האָט זיך געוווּנדערט, וואָס ער אַ ייד שוין אויף דער עלטער, זאָל אויפטויכן זאַכן און געשעענישן אַזוי ווי זיי וואָלטן ערשט נעכטן געווען. ער האָט זיינע לאַנגע ביינערדיקע פינגער טיף איינגעגראָבן אין זיין פאַר־פלאָנטערטע באָרד; וואָס ער האָט געטון בשעת עפּעס אַ האַרבן ענין, און שטאַרקער פאַרוווּנדערונג.

דעם גאַנצן פרימאָרגן איז שמואל געשטאַנען געקוקט צום הימל וואָס איז ווי אַ בלויע פלאַכטע איבער זיין קאָפּ געהאַנגען. אַ ים פון בילדער גייט פאַר אים פאַרביי, אייך בילד געקניפּט און געבונדן אין צווייטן. און וויפיל ער זאָל נישט וועלן פאַרגעסן אַלע זיינע איבערלעבונגען, טויכן תמיד אויף אין זיין מוח דעראינערונגען. זיינע געדאַנקען טראָגן אים ווייט, ווייט צוריק, מיט אַ סך יאָרן, ער זעט פאַר זיך אַ זומערדיקן שבת פאַרנאַכט. די זון האָט שוין געהאַלטן אין אונטערגיין. דאָס שטעטל איז געלעגן פאַרכישופט, אונטער אַ האַלב טונקעלן און סודות׳פולן הימל. שרה־גיטל, זיין ערשט יונג ווייבל, זיצט אויף אַ שטול אין דרויסן פאַר דער טיר. ער אויף דעם באַוואַקסענעם שטיין מיטן גרינעם מאָך, וואָס ליגט ביים סאַמען איינגאַנג פונם הייזל. אַ קיל ווינטל בלאָזט, גלעט ליבלעך. עס איז אים דעמאָלט אַזוי גוט געווען, בעת כאַפּנדיק אַ פאַרגנבעטן בליק אויף אירע שוואַרץ חנעוודיקע אויגן און פולן רונדן פּנים. אַ תאווהדיק פּייערל האָט זיך אין זיינע אויגן געצונדן, און געבליבן הענגען אויף איר פולן בוזים, אויף די ברייטלעך געבלימלטע שערץ, וואָס האָט אויף עפּעס אָנגעזאָגט, געבנדיק איר אַ באַזונדערן ווייבלעכן רייץ... קיין סך ריידן צווישן זיך האָבן זיי נישט געהאָט, אַ פראַגע, און אַן ענטפער מיט אַ זיס שמייכעלע, וואָס ס׳האָט אויסגעדריקט אַנצוהערעניש, אויף דעם וואָס דאַרף

קומען. זיין האַרץ האָט פּאַר גליק הויך געקלאַפּט, און זיך צוזאַמענגעמישט מיט דעם שטילן קלאַפּן פון איר האַרץ.

אַ מיש־מאַש פון געדאַנקען ציען, יאָגן און בלאָנקען זיך אין זיין קאָפּ, אַזש טרערן קומען אים אין אין די אַלטע אויגן אַריין. מיט אַ גרימאַסע פון טיפן צער האָט ער געקוקט צו די בריק, וואָס האָט איצט אין זיינע אויגן אויסגעזען, ווי אַ מחיצה, וואָס צעטיילט דאָס שטעטל אין צוויי וועגן. דער וואָס פירט דורכן מאַרק אין דער ברייטער גרויסער וועלט אַריין, ווו זיינע אַלע קינדער זענען זיך צעלאָפן, פון דער אַנדערער זייט, דורך די יידישע שטאָט, איבערן זאַמדיקן בערגל צום בית־עלמין. ווי ער האָט באַגלייט שרה־גיטלען, זיין ערשט ווייב, פון וועלכע עס זענען אים פאַרבליבן זיסע דעראינערונגען, וואָס פילן אויס זיין איינזאַמען לעבן אין די ד׳ אמות פון זיין שטיבל.

* * *

אין שטעטל האָט יעדער געהאַט מיט זיך צו טאָן. אָבער אַז ער, שמואל ראָזאָווניק איז צום ערשטן מאָל אַן אלמן געוואָרן, האָט יעדערער צוגעקריגן אַ נייע זאָרג, און גענומען מיט אים איינטענהן: ר׳ שמואל, עד מתי? וואָס איז ווערט אַ מענטש אָן אַ ווייב, און נאָך אַ ייד דערצו. און אַ לעפל געקעכץ און אַ העמד אויף שבת... הקיצור, ער האָט טאַקע אין אַ קורצער צייט חתונה געהאַט. אַ קעלט נעמט אים אַרום, ווען ער דערמאָנט זיך וועגן זיין צווייטער ווייב. דאָס איז געווען אַ יידענע אַ כעס׳נטע, תמיד פאַרטראַכט, עפּעס אַ שלים־מזל, וואָס האָט נישט געטויגט צום געוועלבל און נישט אין שטוב. ער האָט זיך מיט איר איינגאַנצן אָפּגענאַרט; באַלד נאָך דער חתונה האָט זי לא־עליכם אָנ־געהויבן קרענקען, און געקרענקט ביז איינמאָל אין אַ מיטוואָך אין דער פרי איז זי געשטאָרבן.

פול מיט ביטערע מחשבות און ווי פאַרשיכורט, אַליין נישט וויסנדיק קלאָר פון וואָס, איז שמואל געזעסן אויף דעם מאָכיקן שטיין, און געפילט, אַז עפּעס קאָכעדיקס וועקט זיך אין זיין האַרץ. וועגן די לעצטע געשעענישן מיט דעם יונגן ווייבל. דאָס האָט ביי אים אַוועקגערויבט זיין אינערלעכע גלייכ־געוויכט, און ביי זיך געטראַכט: ווער האָט זיך געקענט ריכטן דערויף, אַז עס וועט זיך אויסלאָזן אַזוי מיאוס. ער דערמאָנט זיך, דער טאָג איז דעמאָלט געווען אַ כמורנער, און אויף אַלעם האָט געדריקט אַ טיפע מרה־שחורה . . . אברהם־בער דער שטעטלדיקער שדכן, אַ ייד אַ לאַנגער מיט אַ שיטער שוואַרץ בערדל, געווען אַ שטיקל מעקלער, אַ מאַכער אין חסידים־שטיבל, אַן אונטער־שמש, נאָר זיין הויפּט פרנסה איז געווען שדכנות; און מיט דער הילף פון זיין שוואַרץ שפּיציק בערדל האָט ער גענומען די זאַך אין האַנט אַריין, און מיט אים איינגעטענהט, אַז דאָס הייזל איז פאָרט אַ דירה מיט אַ געוועלב, און אַ יונג ווייבל איז אַ צירונג פאַר אַ געוועלב, ווו עס קומען אַריין פאַרשידענע מענטשן. ניין,



C

דאָס וויל ער נישט! און ווידער צוריקגערעדט, אפשר איז עס אַ גאָט זאַך, ווער קען וויסן... דעם זעלבן זומער, באַלד נאָך סוכות, האָט ער חתונה געהאַט מיט ר' פּיוווישעס טאָכטער, די יונגע אלמנה אסתר, פון גלאַכאָוו, אַ דערפל נישט ווייט פונם שטעטל.

אסתר, ר' פּיוווישעס געראָטענע טאָכטער, האָט חתונה געהאַט פאַר אַ מאַן אַ קאַמאַשן־שטעפּער. איז ער אַ האַלב יאָר נאָך דער חתונה אַוועק קיין אַמעריקע. דאָרטן האָט מיט אים געטראָפן אַן אומגליק, און זי איז צו עטלעכע צוואַנציק יאָר געבליבן אַן אלמנה. אירע עלטערן, וואָס האָבן געהאַלטן אַ קליין געוועלבל אינם דאָרף זענען געווען גרויסע אָרעמע לייט, און דערצו געהאַט אַ פולע שטוב מיט קינדער. האָבן זיך אירע עלטערן אינם שידוך אָנגעכאַפּט, ווי איינער וואָס טרינקט זיך אין אַ שטרוי. אמת, ער איז אַן אַלטער מאַן, אוודאי אַ זיבעציקער! אָבער נאָך אַ שטאַרקער ייִד, מיט אַן אייגן הויז.

ווען אסתר האָט צום ערשטן מאָל געשטעלט איר פוס אינם הייזל, האָט זי אויף אייביק זיך געזעגנט מיטן דאָרף, מיט דער אידיליע פון איר קינדהייט, מיט די גרינע לאָנקעס, מיט אַלעס וואָס זי האָט ליב געהאַט, פלעגט זי גאַנצע טעג שטיין ביי דעם קליינעם פענסטערל און קוקן אויף דעם טייכל, וואָס פליסט צופוסנס פונם הייזל; אויף די ווערבעס אינם וואַסער וואָס טובלען זייערע אַראָפּגעהאָנגענע דינע צווייגלעך. ס'האָט זיך איר געדאַכט אַז דאָס וואַשן זיי זייערע הענט, פאַר איר לעבעדיק טויטן לעבן. און זי איז טאַקע אין אַ יריד טאָג, ווען אַלע האָבן געהאַט מיט זיך צו טאָן, פאַרפאַלן געוואָרן . . . אין שטעטל מורמלט מען, אַז זי איז אַוועק מיטן אָפיציר, וואָס איז דעמאָלט געווען אויף מאַניעוורעס.

מיד און צעבראָכן פון דער נייער צרה, וואָס ער האָט זיך אָנגעליטן, ביז זי איז פאַרפאַלן געוואָרן, האָט אים אין גאַנצן אַרויסגעבראַכט פון גלייכגע־וויכט. אַ פאַרביטערטער האָט ער געשפרייזט איבער די שמאָלע טומלדיקע גאַסן, נעבן די סאַמע הייזלעך, און איבערגעלאָזט גרויע פלעקן, פון די מיט מעל דורכגענומענע קאַפּאָטע אויף די שטיינערנע ווענט. די זון האָט זיך אַראָפּ־געלאָזט צו מערב, און באַגאָסן דאָס שטעטל מיט די לעצטע שטראַלן. די גאַסן זענען וואָס אַמאָל ליידיקער געוואָרן. שפּאַנענדיק האָט ער מיט זיך אַ חשבון הנפש געמאַכט. ער האָט געזוכט אין די טעג פון זיין לעבן, און נישט געפונען אויף זיך קיין שולד, וואָס זאָל באַרעכטיקן די געשעעניש מיט זיין דריט ווייבל, סיידן אַז זי איז געווען אַ קאַפּריזנע קאַליע געמאַכטע פרוי, עפּעס גאָר נישט פון קיין יידישן שטייגער . . .

די נאַכט האָט זיך שטיל אָנגערוקט, און דאָס שטעטל אַריינגענומען אין אירע פינסטערע שוואַרצע פאַלדן. שפּעט ביינאַכט האָט זיך שמואל קוים דערשלעפּט אַהיים, מיט גרויס שווערקייט, אָנגעצונדן דאָס קליינע נאַפּט לעמפּל, וועלכעס האָט מיט אַ ציטעריק פלעמל באַלויכטן דאָס שטיבל. די האַלבע טונקלקייט האָט זיך געוויקלט אַזוי אַ שטומען שטילן טרויער, וואָס האָט

שווער געדריקט אויף זיינע פּלייצעס. זיין האַרץ האָט גענומען הויך קלאַפּן און זיך צוזאַמענגעמישט מיטן הייזעריקן קלאַפּן פונם וואַנט־זייגער. עס האָט אים גענומען שווינדלען פאַר די אויגן און מיט אַ גוססדיקן בליק האָט ער געקוקט אויף די ווייזערס, וואָס האָבן אויסגעזען ווי צוויי לאַנגע וועגן, און נישט געוווסט אויף וועלכן וועג צו גיין . . .

זיין לעצטער אָטעם האָט אַ ציטער געטאָן און ער איז שווער ווי אַ שטיק בליי געפאַלן צו דער ערד.

דאָס נאַכט־לעמפל האָט אַלע מאָל אויפגעפלאַקערט, און זיך געשפּיגלט אין דעם שווערן שאָטן, וואָס האָט זיך געלייגט אויף די גרויע ווענט . . .

איינער אַקעגן דעם צווייטן ליגן זיי דיביידע ברעגעס פונם שטעטל „ר״, און הערן זיך איין צו דעם געדויש פון אַ שמאָלן פּאָס טייך, וואָס טראָגט זיך פון דער ווייטנס, און גיסט זיך מיט אַ געבייזער אַריבער די סטאַווירלעס פון די שטאָטס מיל, פּליסנדיק כסדר אַרום די גרינע לאָנקעס, מיט אַ שטילן גע־מורמל אין אַ ווייטן וועג אַריין. מיט נעמענדיק אַ טיפן סוד פון דורות.

ווען נישט די האַלצערנע בריק, וואָס פאַרבינדט די ביידע ברעגעס, וואָלט מען געמיינט אַז דאָס זענען צוויי באַזונדערע שטעטלעך. איינס אַן אָרעמס, דאָס יידישע מיט די קרומע נישט ברוקירטע געסלעך און קליינע נידרי־קע הייזלעך, ווו עס לעבן צוזאַמענגעפּרעסט אָרימע פאַרזאָרגטע יידן, און ס׳אַנדערע דער מקום מיטן שטאָט־גאָרטן, ווו עס וווינען די רייכע און מער פּאַרמעגלעכע יידן. בלויז אין די שבתים האָט זיך געמערקט אַן אָנגעהעריקייט איינס צום אַנדערן, ווען זיי זענען געקומען צום שול געסל אויסגעפּוצטע, אין זיידנס און אַטלאַס שפּרייזנדיק מיט פּאַמעלעכע טריטלעך אַריבער די האַלצערנע בריק, און צוזאַמען געגאָסן זיך, אין איין גרויסע עדה, ביים דאַוו־נען אין די אַלטע שול.

האַרט ביים קיילעכדיקן מאַרק, אינם מאַגיסטראַט געסל, וווינט יאקעלע רימער, מיט זיין גאָר יונג ווייבל אסתר. ער איז שוין געווען אַ מאַן פון אַ יאָר דרייסיק, הויך אין ווּקס, אַ מאָגער בלאַס פּנים, מיט גרינע גוטע שטיל לאַ־בעדיקע אויגן, אַנאונטערגעשוירן קליין בלאָנד בערדל, וועלכעס ער פלעגט תמיד גלעטן, אַזוי ווי עפּעס וואָלט דאָרטן געפעלט. די אונטערשטע ליפּ אַביסל דיקלעך, מיט צוויי טיפע קנייטשן ביי די ווינקלען פונם מויל, וואָס ס׳האָט גע־מאַכט דעם איינדרוק, אַז ער וויל עפּעס זאָגן, נאָר ער קען נישט. אין אַזעלכע מינוטן האָט זיך געמערקט ווי ער וויל אויסדריקן עפּעס אַ מחשבה, און איז פּלוצים געבליבן הענגען אַ פאַרגליווערטער אויף זיין בלאַס פּנים. פלעגט ער ווען רעדן וועגן אַן ענין, זענען דאָס געווען געציילטע אָפּגעהאַקטע ווערטער, און נאָך יעדן זאַץ געבן אַ סמאָטשקע מיט די דיקע ליפּ, וואָס ס׳האָט געמיינט עס, גאָרנישט, פּאַרטיק...

אין די זומערדיקע שבת־נאָכמיטאָגס, בעת די יונגע לייטלעך זענען אין די זיידענע שלאָפראָקס ביי די אָפענע פענסטער געזעסן, און געקוקט פאַר־טראַכט אינם מאַרק אַריין, פלעגט אָפט יאקעלע שפּרייזן איבערן ברוקירטן מאַרק, גלייך ווי אַ סטראַנע, די הענט אין די קעשענעס, און טראַכטן וועגן עפּעס, וואָס ער האָט מורא געהאַט פאַר זיין אייגן מויל צו פאַרטרויען. אפשר, צוליב די נישט זיכערע צייט, וואָס האָט ווי אַ כישוף

לעצטנס אינם שטעטל זיך אַריינגעריסן, אָדער וועגן אייגענע אַנגעלעגנהייטן, וועלכע האָבן שטאַרק געדריקט זיינע געדאַנקען, וואָס דער יונגער אַפּטייקער, וועלכער וווינט אין שכנות מיט אים, פלעגט אָפט אַריינקומען מיט פאַרשיי־דענע אויסריידן, מיטברענגענדיג אַלע מאָל אַ נייַ בוך צום לייענען. און ביי יעדע געלעגנהייט איר מאַכן קאָמפּלימענטן, וואָס פאַר אַ וואַזשנע פאַרשוין זי איז. און פאָסט גאָר נישט אַריין אינם קליינשטעטלדיקן לעבן; דערביי מיט זיינע שפּיציקע שוואַרצע אויגן, געוואָרפן גיריקע בליקן אויף איר יונגן פולן בוזים, וואָס האָט זיך בעת אַזאַ געשפּרעך אונטער איר דינע באַטיסטענע בלוזע שטאַרקער זיך באַוויגן; אין אַזעלכע מאָמענטן פלעגט זי בלייבן שטיין ווי פאַרלוירן, אירע רונדע באַקן מיט די חן גריבלעך האָבן אָנגענומען אַ רויט־לעכע קאָליר, און זיך הויך צעלאַכט, ווייזנדיק אירע שיינע שניי ווייסע ציין...

און כאָטש אסתר איז געווען אַ פרום יידיש ווייבל און געשטאַמט פון אַ מיוחסדיקער משפּחה, האָט זי גערן געהאַט צו הערן וועגן זיך אַ שיינעם קאָמ־פּלימענט. דאָס פלעגט אים אַרויסברענגען פון גלייכגעוויכט, און גערייצט זיין צעהיצטער פאַנטאַזיע. זי איז נאָך אַזוי יונג און נישט דערפאַרן. עפּעס האָט אָנגעהויבן צו טומלען אין זיין מוח זאַכן, וואָס ער וויל פאַרטרייבן און קען נישט. זאַכן וואָס טויכן אַלע מאָל אין זיין געדאַנק אויף. מחמת זיין אַ מעקלער אין די פריצישע הייפן, איז אים אויסגעקומען מייסטנס פון די וואָכן־טעג נישט צו זיין אין דער היים. דאָס האָט טיף אין זיין האַרץ געשאַפן געפילן, און אַ טיפער טרויער האָט געהילט זיין נשמה . . .

פאַרטיפט אין זיינע פינסטערע רעיונות איז אים אַרויף אויפן געדאַנק, אַז עס איז נאָך קיין גאַנצע צוויי יאָר ווי ער האָט מיט איר חתונה געהאַט. זי איז דעמאָלט כמעט נאָך געווען אַ יונגע בלום, וואָס ס׳האָט געהאַלטן אין אַנטוויקלען זיך, און איז נאָר וואָס רייף און פאַרמירט אַלס פרוי, מיט אַ פרישׂ ראָזע פאַרב אין איר פּנים, און העל־בלויע פאַרחלומטע אויגן. פון אירע לייכ־טע קליידער האָבן מילד און לעבעדיק איצט אַרויסגעשפּראָצט די שטריכן פון איר שלאַנקן קערפּער, און אָנגעפילט די אַטמאָספערע מיט פרויען צערט־לעכקייט.

ביי די פרומערע יידן פונם שטעטל איז ער געווען באַוווסט אַלס יאַקעלע אפּיקורס, נישט צוליב זיינע שלעכטע מעשים, אָדער עפּעס געטאָן צו להכעיס דעם עולם; נייך, מיט אַזעלכע זאַכן האָט ער זיך נישט פאַרנומען. נאָר מחמת דעם וואָס זיין קאַפּאָטע איז געווען אַ ביסל געקירצט און געטראָגן האָט ער גאָל־דענע ברילן מיט אַ שוואַרץ בענדל, וואָס איז געווען אָנגעטשעפּעט אויפן ערשטן קנעפּל פון זיין זיידן געבלימלט וועסטל. נאָך אַ סימן פון אַן אַפּיקורס איז, וואָס ער האָט געהאַט אַ שליסל פונם באָד ביידל אינם שטאָט גאָרטן ביים טייך; ווו נישט יידישע מענער און פרויען פון די העכערע געזעלשאַפט פלעגן זיך באָדן. זיין גרעסטער פאַרגעניגן איז געווען אין די זומער־פאַרנאַכטן, ווען די זון האָט זיך גערוקט צו מערב, און געצונדן דעם הימל מיט אַ רויט העליש

פייער, באַגיסנדיק דעם טייך מיט פייערדיקע זונען־שטאַלן, וואַרפנדיק גאַנצע צע הויפנס בלישטשענדיק גאָלד אין די פענסטער פון די דערבייאיקע הייזלעך. אין אַזעלכע אָוונטן, ווען אַלעס האָט אויסגעזען שרעקלעך ווילד און פאַנטאַס־טיש, צו גיין פּאַמעלעך מיט געציילטע טריט צום ביידל צו טובלען זיך אינם זון געצונדענעם טייך, וואָס שווימט רואיק און געהיימניספול אַוועק, קושנדיק ביידע ברעגעס צוזאַמען. ער האָט זיך לאַנג געפּאָרעט דאָרטן אין דעם ביידל און זיך געטובלט. עפּעס ווי ער וואָלט געוואָלט די אַלע ריחות, וואָס שמעקן אַרויס פון דעם אויסגעלייגטן שוי־פענסטער פונם יונגן אַפּטייקער, און וואָס לויפן אים נאָך, אָפּווישן פון זיך און אָפּשווענקען.

איינמאָל אין אַזאַ פאַרנאַכט האָט יאקעלע אפיקורס זיך באַקענט מיט יידלען, דעם סאָציאַליסט דעם „קאָלבאַסניק", אַ בעל־הבתישער בחור, וואָס דער יידישער עולם האָט שטאַרק באַדויערט, וואָס ער איז געכאַפּט און לייענט טרפה פסולע ספרים, פאַר וועלכעס דאָס שטעטל האָט שטאַרק געציטערט, און גע־היטן זייערע קינדער אַז זיי זאָלן זיך מיט אים נישט טרעפן. אין אַזאַ ווילד פאַנטאַסטישן בין־השמשות האָט יאקעלע דער משכיל איבערגעגעבן בסוד צו יידלען וועגן זיין גרויסע ביבליאָטעק פון פאַרשידענע ביכער, וואָס ער האָט ביז איצט געהאַלטן פאַרשלאָסן פאַר יעדענס נישט גוטע אויג.

הגם דער חסידישער עולם האָט קרום געקוקט אויף יאקעלעס פירן זיך, ספּעציעל דאָס נעלם ווערן מיט יידלען ערגעץ הינטער דער שטאָט, און פאַר־פירן די יונגע לייטלעך און בעל־הבתישע מיידלעך, וועלכע האָבן שטאַרק גע־בענקט נאָך אַ ניי וואָרט, כאַפּנדיק ממש די ביכלעך פון די הענט. פונ־דעסטוועגן האָט דאָס שטעטל אַ סך פאַרבויגן, וויל בטבע איז יאקעלע געווען נישט קיין שלעכטער מענטש, און דעם שטעטל געטאָן אַ סך טובות. כמעט אַלע אָרימע יידן פונם אַנדערן ברעג טייך, זענען געווען זיכער צו קריגן ביי אים אַ גמילות חסד, ספּעציעל ווען עס האָבן זיך געשטעלט די גרויסע ירידים. ער פלעגט נאָר דערביי אַ סמאָטשקע טון מיט זיין אונטערשטער דיקער ליפּ, און מיט די דלאָניע פון זיין האַנט אַ גלעט טון דאָס בלאָנדע אונטערגעשוירענע בערדל, און גלאַט אַזוי מיט קורצע אָפּגעהאַקטע ווערטער אַ זאָג טון: נו... עס... פאַרטיק! אמת, ער האָט דאָס ניט געטון לשם מצוה. אינם שטעטל האָבן אפילו שלעכטע מענטשן זיך געסודעט אַז ער איז אַ פעל שינדער, אָבער דאָס איז געווען בלחש, אין אַלגעמיין האָט דער עולם געלעבט בשלום מיט יאקעלע אפיקורס.

די צייט איז געשווינט געלאָפן און אַן ענדערונג איז געוואָרן אינם שטעטל. עפּעס האָט עס אָנגעהויבן ווערן לייַדיקער. יידן זענען זיך צעלאָפן זוכן פרנסות, ווו נאָר די אויגן האָבן געטראָגן. גאַנצע יידישע פאַמיליעס, וואָס מען האָט געזען היינט, זענען צומאָרגנס געווען אויפן וואַנדער וועג. אויך יאקעלע האָט עפּעס אָנגעהויבן קוקן אויף אַלעם מיט אַנדערע אויגן, זייט דער אַפּטייקער פלעגט צו אים אַריינקומען און דאָס וואָס האָט פאַרנומען זיינע געדאַנקען ביז

היינט האָט פאַרלוירן דעם ווערט. ער האָט געפילט, אַז עס פאַלט אײַן דאָס גאַנצע ביז איצט באַשאַפענע אין זיין מוח. ער האָט פלוצים דערפילט אין דער פוסטקייט אַרום זיך, וואָס ס׳האָט שטאַרק געדריקט זיין נשמה, דעם איינציקן אויסוועג זיך צו לאָזן אין די ברייטע גרויסע וועלט.

אַריינגעטאָן אין זיינע מחשבות וועגן עפּעס פעסט באַשטימטעס, פלעגט ער זיצן שעה׳ן לאַנג, אין זיין באַזונדערן חדר, ביים פענסטער קוקן אויף דער גאַס, און באַטראַכטן דאָס אויסגעפוצטע שוי־פענסטער פון אַפּטייק און זיך ראַנגלען מיט דער דעה: זאָל ער איר זאָגן וועגן זיין אָפּגעמאַכטן פּלאַן? אָדער אפשר איר שרייבן אַ בריף פונם וועג, וועגן זיין באַשלוס, אַז גלייך ווי ער וועט זיך צו עפּעס דערשלאָגן נעמט ער זי אַריבער... זיין בליק פאַלט צו די טיר פון דער צווייטער שטוב, פון וואַנען עס הערט זיך אַ זיסער ניגון פון אַ שלאָף ליד, איינוויגנדיק איר נאָך יונג קינד. ער ווייס ווי שמערצלעך דאָס וועט זיין פאַר איר, ספּעציעל איצט מיט אַ קליין קינד אויף דער האַנט. אָבער עס איז פאַרפאַלן, עס איז נישטאָ קיין צוריק. ער האָט זיך משונה דערשראָקן פאַר זיינע ווערטער, פאַר זיין פריינט יודל, נאָך די אַלע שמועסן, ווי אַזוי וועט ער אים דערציילן זיין באַשלוס, אַז אויך ער וויל פאַרלאָזן דאָס שטעטל...

עס איז געווען אַ פינסטערע שטומע זומער נאַכט, ווייט אויף אַן עק הימל האָט זיך שוין אָנגעהויבן באַווייזן אַ ווייס־גרויער פאַס ליכט. דאָס שטעטל איז געווען איינגעהילט אין אַ טיפן שלאָף, ווען יאקעלע איז שטיל אַן גערויש בגנבה אַרויס פון זיין דירה; וואַרפנדיק זיין לעצטן בליק צו דער צווייטער שטוב. און מיט האַרץ קלאַפּעניש זיך געזעגנט. פון זיינע ליפּן האָט געפליסטערט אַ ביינקנדיקער זיי געזונט. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז אַלץ און אַרום איז מיט אַ כיון שטיל געבליבן און פילט מיט זיין שווערן אומעט. בלויז זיין פריינט יידל האָט אים באַגלייט צום שאָסיי, וואָס פירט צו דער גרויסער וועלט...

בלויז יודל האָט געוווסט יאקעלעס סוד — אַז נישט די געדריקטע פּרנסה טרייבט אים פון שטעטל, נאָר עפּעס פיל טיפערס. ער איז געווען שטאָלץ אויף זיין פריינט אָבער אַ נאָך גרעסערער טרויער האָט אים אַרומגענומען צו די שטעטלדיקע יידן וואָס לאָזן זיך ווו די אויגן טראָגן זוכן פּרנסות. סוחרימלעך לויפן, זוכן נייע פּרנסות...

דעם טאָג ווען יאקעלע אפּיקורס איז אַוועק איז די זון אינם שטעטל „ר״ ווי אויסגעלאָשן געוואָרן, דער הימל האָט זיך געברוגזט און געשפּריצט מיט אַ דין רעגענדל, וועלכעס האָט אָן אויפהער גענעצט דעם גאַנצן אַרום. אַן אומהיימלעכקייט האָט זיך געוויקלט און דער עולם האָט דערשפּירט אַז עפּעס האָט זיך אַ ריר געטאָן. אין אַזעלכע מינוטן האָט יעדער דערפילט, אַז ס׳הויבט אָן ווערן פּוסט און מרה־שחורהדיק. אַ שטילער קרעכץ האָט זיך איבערן שטעטל אַרומגעטראָגן, קלערנדיק וואָס וועט ברענגען דער מאָרגן.

עס איז געווען חידושלעך דעם עולם די גאַנצע זאַך, אָבער אַממיינסטן האָבן די ווייבער געטעשט און נישט געקענט משיג זיין: אַ ייד האָט שיין

פרנסה, הגם נישט אַזאַ אָפּגעהיטענער ייד, אָבער דאָך? און אַזאַ ליבשאַפט ווי עס איז געווען צווישן זיי, דאַרף מען זוכן אין אַ האַלבע וועלט, און פּלוצים זי איבערגעלאָזט נאָך מיט אַ קליין קינד אויף דער האַנט. ווער האָט זיך געקענט ריכטן אויף דעם. „עס איז דען אַ וווּנדער", רופט זיך אָן אַ שווער לייביקע יידענע, „אַ ייד וואָס באָדט זיך אַלע פאַרנאַכט אינם בײדל, ווו נישט יידישע פרויען באָדן זיך, און ווער ווייס? אפשר? אַ כישוף?" און ווען יידל קאָלבאַס־ניק האָט איבערגעגעבן דעם בריף צו אסתרן, האָט מען זיך געוואָלט אָנשטויסן אַז אין דעם איז אַ סך שולדיק דער כל־בוניק...

עפּעס האָט ער מאָדנע אויסגעזען בשעתן איבערגעבן דעם בריף. ער האָט בשעת מעשה גאָרנישט געזאָגט, אָבער עפּעס סודותדיקעס און פריידיקס האָט אַרויסגעקוקט פון זיינע אויגן... עפּעס אַ גוטסקייט און אַ בייזקייט ביידע צו־זאַם... ווער קאָן עס פאַרשטיין?

דאָס שטעטל „ר״ איז פון איין זייט געלעגן, ווי אָנגעשפּאַרט נעבן נישט קיין צו הויכן באַרג. האַרט ביי דער אַנדערער זייט ציט זיך מיילן ווייט אַ טיף געדיכטער וואַלד, פון וועלכן ס׳ווערן דערציילט פאַרשידענע אויסטערלישע מעשיות. אינם שטעטל גייען די מעשיות איבער פון איין דור צום צווייטן. אַ שטיל ריזעלדיק טייכל פליסט פאַרחלומט צופוסנס פון בית־המדרש געסל, און שניידט דאָס שטעטל דורך כמעט אין דער מיט.

אין דעם פּירעקעכדיקן שטיבל, ווו דער רב איז תמיד געזעסן און גע־פּסקנט שאלות, איז געשטאַנען אַ גרויסער טיש, און אַ שאַנק מיט שווערע און דיקע ספרים. אַקייגן אים אויף דער צווייטער זייט, האָט אויפן וואַנט גע־האַנגען אַן אַלט פאַרצייטישער זייגער, מיט געלע בלימעלעך אויפן ציפער־בלאַט, וועלכער האָט מיט אַ מעלאַנכאָלישן טיק־טאַק! טיק־טאַק! הייזעריק אויסגעקלונגען די שעה׳ן, ס׳האָט זיך באַקומען דער איינדרוק, ווי דער אַלטער וואַנט זייגער פירט יעדע שעה מיטן רב אַ וכוח וועגן דער צייט, וואָס פליט אַזוי גיך אַוועק . . . אומבאַמערקטערהייט.

דער רב איז שוין אין די זעכציקער יאָרן, אַ הויכער און ברייטביינערדי־קער ייד, מיט אַ ווייסע צעפּאָכעטע באָרד, וואָס האָט זיך געטיילט אין צוויי לאַנגע שפּיצן. האָט גוט געקענט זיין עדה, געהאַט יעדן איינעם אין זינען, גע־ווּסט זייער לאַגע און דעם שטייגער לעבן פונם אָרימאַן. איבער זיינע שטילע און גוטע אויגן, מיט שווערע בלויע קישעלעך אונטער זיי, האָבן צוויי גע־דיכטע באַוואַקסענע ברעמען אַריבערגעהאַנגען און זיי פאַרשטעלט. און ווען ער פלעגט זיינע אויגן ברייט עפענען בשעת אַ שווערן ענין, מכוח בשר־כשר אָדער אַנדערע האַרבע שאלות, האָט זיך אַ שאַרפער קנייטש אַריינגעשניטן אין זיין פאַרמעט געל געקאַרבטן שטערן.

זומער, ווען די פרייטאָגדיקע זון הייבט זיך אָן אַראָפּלאָזן אין מערב זייט, פלעגן פאַרשמייעטע יידן איילן דורך דער בית־המדרש גאָס, באַרג אַראָפּ צום טייך זיך באָדן. אָבער, בשעת פאַרבייגיין דעם רב׳ס שטיבל אויס געוווינהייט געבן אַ שאָקל מיטן קאָפּ צום פענסטער, ווו דער רב פלעגט זיצן אין דעם ברייטן טלית־קטן, און פאַרטראַכט קוקן איבער די האַלבע פאַרהענגלעך אינם שמאָלן געסל אַריין; אַ פאַרבלאָנדזשעטער בליק פלעגט תמיד פאַלן אויף די רייכע שורה׳ס בעלי־בתישע הייזער, וואָס שטייען אַרויף צום מאַרק צו, וועל־כע קוקן מיט אַ באַזונדערע גאוה אויף די נידעריקע אָרימע הייזלעך אויף דער אַנדערער זייט בריק צו דער יידישער שטאָט.

ס׳איז נאַרישקייטן! פלעגט ער צו זיך זאָגן, ווען דער עולם, וועלכע ווי־

נען אין די רייכערע הייזער, פלעגן אים דער׳רגז׳ן ביי פאַרשידענע שטאָטישע ענינים, ס׳איז באמת באַרישקייטן, אַלע זענען יידן... די ערגסטע פון זיי זענען פול מיט מצוות. ער האָט אין די דאָזיקע מינוטן געוועגדעט זיין בליק צום הימל, פון דאָרט צו קריגן אַ „רמז״ אויף זיינע ספיקות, וואָס האָבן זיך אין זיין מוח אַריינגעבוירעט, וועגן דעם יידישן לעבן אינם שטעטל, וואָס ווערט אַלץ ערגער און שווערער. אָבער אַז ער האָט געזען ווי די שווער פאַרהאָרעוועטע יידן איילן צום טייך לכבוד שבת, האָט ער אַ צופרידענעם שמייכל געטאָן, וואָס האָט בררייטלעך זיך צעגאָסן איבער זיין פּנים.

נאָך קיינמאָל אין לעבן האָט אונזער רב אַזוי שטאַרק געפילט די איינזאַמקייט ווי די לעצטע צייט, זינט ער איז געוואָרן רב אין דעם קליין פאַר־וואָרפענעם פוילישן שטעטל „ר״. אַליין אַ שטילער און בטבע צוריקגעצויגן פונם רוב יידן, מיינסטנס פון חסידישן עולם, וואָס פלעגן אים אָפט דעררוגז׳ן, דערפאַר וואָס דער רב, דער מרא דאתרא, איז געוועזן אַ מתנגד, און מחמת די נאַרישע רייסערייען און די אָפטע סכסוכים אַרום זיין פּערזאָן, האָט ער גאַנ־צע שעה׳ן הין און צוריק אַ מרה־שחורהדיקער אינם פירעקעכדיקן שטיבל געשפּאַנט, מיט אַ בייז געמיט וואָס האָט זיך ווי בייסנדע ווערימלעך אין זיין האַרץ און מוח באַזעצט. פאַרטיפט אין זיינע רעיונות האָט ער אַלע מאָל, מיט די רויטע באַבלימעלטע פאַרטשיילע אין האַנט, אַ פּאַכע געטון, ווי איינער וואָס וויל פאַרטרייבן אַ אומהיימלעכן געדאַנק.

דער עולם האָט אים גערופן „אונזער רב״, ווי ער וואָלט אַ נאָמען קיינמאָל נישט געהאַט. אַז יידן האָבן צווישן זיך געהאַט אַ סכסוך, פלעגט מען גיין צום רב ר׳ חיים ברוך זימערמאַן. אָבער זינט דער מחלוקה, וואָס האָט זיך געצויגן אַ לאַנגע צייט, און ס׳איז שווער געוועזן צו וויסן, וואָס דער עולם וויל פון אים, האָט מען אים אויפגעהערט צו רופן ביים נאָמען, און מען האָט אים אָנגעהויבן רופן „אונזער רב״. אַ ים פון יסורים און צער האָט ער געהאַט פון דעם צונאָמען, בעיקר פון דעם ביטול־טאָן וואָס די חסידים האָבן אין דעם צונאָמען אַריינגע־לייגט.

פון לאַנג־אָן איז דאָס שטעטל געוועזן ווייניק באַלעבט און געטראָגן אויף זיך אַ מרה־שחורה פון שטענדיקע דאגות, און צווישן מנחה ומעריב האָבן יידן זיך געקלאָגט אויף די שלעכטע צייט, די היינטיקע פּרנסות, און גלאַט אַזוי וועגן שטאָט זאַכן, און באַלד איז דער שמועס איבערגעגאַנגען וועגן רב און זיין דרך פון פסקענען שאלות; זיך געהיצט, געריסן, און ס׳האָט געפירט צו נישט קיין שיינע מעשים. טרויריק שטיל מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, האָט דער רב זיך פאַרקליבן אין זיין חדר מיוחד און ווייניק זיך באַוויזן אין גאַס. און ווען ער פלעגט שוין יאָ ווען אַרויס אין גאַס, צוליב אַ שטאָטישן ענין אָדער וועגן צרת רבים, האָט ער שנעל דורכגעשפּאַנט. דעם שווערן גלאַנציקן שטעקן אין האַנט, דער ספּאָדיק ביזן נאַקן פאַררוקט, און קורצע צייגענע הויזן ביז די קני, מיט ווייסע זאָקן און האַלבע שיך; זומער אין אַ ריפּסענעם כאַלאַט ביז

צו די קנעכל, און הערשל שמש, דער קורצער, איז כמעט ווי נאָכגעלאָפן, מתמת זיינע דריבנע טריטלעך. חסידים האָבן זיך אַוועקגעדרייט ווי נישט זע־ענדיק, און דער פּראָסטער עולם האָט געגאַפט און געקוועטשט מיט די פּלייצעס.

לעבעדיק נאָר איז געווען אין די צייט פונם גרויסן יריד וואָס פאַלט אויס נאָנט צו די ימים נוראים, און מיט וואָכן צוריק האָט שוין דאָס שטעטל גע־אָטעמט מיט אומרואיקייט און צוגרייטונג. אויפן מאַרק, רונד אַרום מיט גע־וועלבער, איז פון פרימאָרגן אָנגעקומען פון די דערפער פויערים מיט ברייטע רויטע גאַרטלען, פויערטעס אין קאָלירטע קליידלעך מיט בלויע געלע סטענ־געס, און מיט די פערד און וועגענער זיך אַריינגעפּלאָכטן איינס אינם אַנדערן. עס האָט זיך אָנגעטראָגן אַ גרויסער שטויב, און זיך צוזאַמענגעמישט מיט די קולות און ריחות, וואָס זיי האָבן מיטגעברייגנט פון דאָרף און פעלד. הענד־לער זענען געקומען פון די אַרומיקע שטעטלעך, דאָס האָט אַריינגעברייגנט שפע. יידישע ווייבער פון גאַנץ פרי האָבן אָפּגעוואַרט אויף די וועגן, איינגע־האַנדעלט עופות, אייער, גרינוואַרגס. מלמדים זענען געווען פאַרנומען, ייִנגלעך קונדסים זענען אין חדר נישט געגאַנגען. עס איז געווען אַ אמתער יום טוב. ביים רב אינם בית־דין שטיבל האָט גערעשט, געליאַרעמט. יידן האָבן געהאַט דין תורהס וועגן מסחר, און נאָך דעם, איז ער אַ מידער גאַנצע שעה'ן געזעסן פאַרטראַכט, און דער רויך פון זיין גרויסער לולקע־ציבעק האָט איינגעוויקעלט דאָס שטיבל, און געווען צופרידן וואָס יידן האָבן פּרנסה.

איינמאָל באַלד נאָך סכות האָבן זיך אָנגערוקט שווערע טעג. אַ קאַלטער רעגן האָט אָן אויפהער געגאָסן און אַ שטילער טרויער איבערן שטעטל זיך געלייגט. אַ שווערער בלייערנער הימל האָט איבערגעצויגן און דאָס לעבן אין גרויקייט אַריינגענומען. די נעכט האָבן זיך שרעקלעך לאַנג געצויגן און די טעג זיינען געוואָרן קורצער. וואָס ווייטער האָט זיך דער ווינטער געשטאַרקט. די בייזע פראָסט האָט זיך ווי אַ חיה רעה אינם שטעטל אַריינגעריסן. די זאַ־ווערוכע האָט די הייזלעך אין טיפן שניי געהילט און דער ווינט האָט ביינאַכט מיט אַ געקלאָג זיך געוויקלט אַרום די קוימענס פון די הייזלעך, וואָס זיינען פאַרשטיינערט געשטאַנען אָנגעטאָן אין ווייסע קיטלען. ביי אַ טייל אָרימע שטיבן זענען די פענסטער געווען מיט ברעטלעך פאַרקלאַפּט. די אויסגעבראָ־כענע שויבן מיט שמאַטעס פאַרשטופּט, און געקוקט ווי מיט שוואַרצע אויגן אין די ווייסע וועלט אַרייַן. דער שלעכטער מצב פונם אָרימען יידישן מענטש איז געוואָרן מער ניכר; דאָרפס־יידן זענען געזעסן אין דער היים. פויערים זענען נישט געקומען. ס'האָט אויסגעזען ווי ס'שטעטל האָט דעם אָטעם פאַר־לוירן. יידענעס אין וואַטענע שפּענצערס האָבן זיך אויפן שוועל פון זייערע קראָמען באַוויזן, מיט דיקע דערעלעך אַרום דעם קאָפּ געהילט, און קוים אַ האַלבע טיר געעפנט; אַ אייזיקע פראָסט האָט אַ שפּאַר אַריין געטון מיט אַ קאַלטן גוט מאָרגן. אַ פויערל איז פון ערגעץ געקומען שטאַרק באַפּעלצט און

אויסגעזעצן ווי צוגעקאָוועט צום געזעס אינם ברייטן שליטן וואָס האָט אין זיגזאַגן געגליטשט זיך דורך די קרומע געסלעך צום מאַרק צו. קופּקעלעך יידן זענען געשטאַנען, געבלאָזן אין די הענט און יעדער איז געווען פאַרנומען מיט איין מחשבה וועגן שבת: היינט איז דאָנערשטאָג און אינם מוח פּיקעט! דאָס ווייב הייבט אָן מאָנען, צוערשט מיט אַ פּרום יידיש מינעלע און געבן אָנ־צוהערן וועגן יקרות, די קרירה׳ס אַאַזוו. און שפּעטער צו נעמט עס אָן אַ האַרבן טאָן, ביז צו קריגעריי, ביז דער ליבער שבת־קודש שפּרייט אויס זיינע פליגלען איבערן שטעטל און וויגט עס איין אין אַ זיסער מנוחה. דער יידישער עולם איז שטאַרק באַזאָרגט, אַ קלייניקייט: אַ גאַנצע וואָך איז נישט געוואָרן געקוילעט, אין אָרימע שטיבן פעלט ממש אויס אַ שטיקל פעטץ דאָס טשאָ־לענט צו פאַררוקן. יידן האָבן זיך אומרואיק געדרייט אין מאַרק. דער פּראָסט פייערט און בריט שטאַרק די אויערן, און מען זעט בחוש ווי דער שטן האַלט מלחמה מיט שטעטל. און פלוצים איז אַ נס געשען. הירש בער קצב האָט געבריינגט אַ יונג צאַפּלדיק בהמהלע. און דער עולם האָט געלויבט השם יתברך וואָס פאַרלאָזט נישט זיין עדה. עס איז אָבער געווען אַ צרה מיט אַ סירחה׳לע — אויף דער לונג פונם בהמהלע איז געווען אַ סירחהלע.

אינם שטעטל האָט געקאָכט ווי אין אַ קעסל. אין אַזאַ עת צרה האָט דער חסידישער שוחט אַליין זיך מתעסק געווען דערמיט און מיט גרויס התמדה געאַרבעט מיט זיין לאַנגען נאָגל: הירש בער קצב בלאָזט אין דער לונג, דער שוחט גיסט וואַסער און פּאַטשט מיט דער האַנט, און ווי צו להכעיס גייט עס נישט; אַן אַנדערש מאָל, ווען ער איז אין ספק, זאָגט ער טריפה, נאָר היינט אַ קלייניקייט עונג שבת — אַ שטאָט וואַרט . . . איז געבליבן גיין צום רב. און ווידער דאָס זעלבע מען גיסט וואַסער, דער קצב בלאָזט פון זיך אַרויס די כוחות. די גאַנצע צייט האָט דער רב געשפּאַנט אינם שטיבל הין און צוריק און זיך צוגעהערט ווי דער אַלטער זייגער קלאַפּט הייזעריק און שטאַרק פאַר־טיפט אין עפּעס אַ האַרבן ענין. איז ער צוגעגאַנגען צום פענסטער, האָט אַ שטאַרקן הויך אויף די שויב געטון ווו ער האָט זיך געמאַכט אַ קיילעכדיק רעדעלע און באַטראַכט דעם הימל וואָס האָט שוין מיט אַ שבת שמייכל אַריינ־געקוקט אינם שטעטל און צו זיך אַליין גערעדט: „אַ שטאָט וואַרט אויף עונג שבת... יידן ס׳איז כשר! בתנאי דער פּרייז זאָל ניט געהעכערט ווערן פאַר אָרימע לייט״. הגם חסידים האָבן זיך געקוויקט מיט די שבתדיקע סעודה און פעטן קוגל, אָבער באַלד מוצאי שבת האָט זיך אַ נייע מחלוקה צופלאַקערט. די חסידים האָבן אים נישט געקענט מוחל זיין וואָס דער רב האָט צופּיל גע־שטעלט אויף זיך.

אַ טיפער טרויער האָט זיך אינם פּירעקעכדיקן שטיבל געלייגט זייט דעמאָלט און דריקט שווער אויפן רב׳ס פּלייצעס, און מען זעט בחוש ווי ער ווערט אַלץ נידריקער און נידריקער; די קישעלעך אונטער זיינע מידע אויגן ווערן אַלץ שווערער און בלויער. עפּעס מאָדנע דערעסן האָט אים דאָס

הייזעריקע קלאַפּן פונם אַלטן זייגער וואָס האָט דאַכט זיך נאָר אַ שייכות צו אים אַליין, צו זיין נאָמען וואָס ער האָט אים דאָ אין שטעטל פאַרלוירן. דערפאַר אָבער האָט ער אַליין עולה יפה געווען ביים פּראָסטן עולם, וואָס האָט אים געקרויגט מיט׳ן נאָמען „אונזער רב״ . . . ווייל זיי האָבן דאָך באַשיינפּערלעך געזען אַז ער איז אויף זייער זייט און זיך אָנגענומען זייער קריוודע. און ער איז געבליבן אין שטעטל ביי דעם נאָמען „אונזער רב״. אָבער וואָס פאַר אַ חשיבות האָבן די ליבע ווערטער פונם פּראָסטן עולם לגבי דעם ביטול־טאָן פון די פּני ; בשעת זיי זאָגן אַרויס די צוויי ווערטער אונזער רב, איז עפּעס ווי זיי וואָלטן זיך געבלאָזן אויף אַ נישט גלאַטיק סירחהלע.

באמת, מיט אַלע זיינע פּרנסות וואָלט פון חיים משהן גאָרנישט איבערגע־בליבן, און קיין גרויסע ירושה וואָלט ער אודאי נישט איבערגעלאָזט, צומאָל נישט קיין יורשים נאָך זיך, ווען נישט דער ליבער שבת קודש . . .

ער אַליין, אַ ברייט נידריק יידל, מיט גרויסע אומרואיקע קיילעכדיקע אויגן, ווי ביי אַ פיש, וואָס האָבן שטענדיק עפּעס געזוכט, אַז ס'האָט אויסגעזען ווי זיי האָבן בדעה פונם קאָפּ אַרויסצושפּרינגען. זיין רויטע קאָלטענעוואַטע באָרד, וואָס איז ווי אַ צעדריוועלטער קנויל באַוועל געווען אין זיך שטאַרק צונויפגעפלאָכטן, האָט זיין פּנים אין גאַנצן אַרומגענומען, אַזוי אַז נאָר זיינע אומלויפנדע קיילעכדיקע אויגן האָבן זיך אַרויסגעזען.

צוויי פּרנסות האָט חיים משה געהאַט, און פוןביידע קוים געהאַט דאָס שטיקל אָרימע לעבן פאַר ווייב און קינדער. און צוליב דעם איז ביי זיי נישט געווען קיין שלום־בית. געהאַלטן האָט ער די באָד אינם שטעטל, וואָס פלעגט ווערן געהייצט נאָר איינמאָל אין דער וואָך, און דערצו האָט ער באַדאַרפט לויפן איבערן שטעטל און רופן יידן אין באָד אַריין (אַ חזקה נאָך פונם זיידן). זומער פלעגט ער דינגען אַ סאָד. מחמת דעם האָט מען אים גערופן דער רויטער בעדער, און דער עפּל ייד; זיין ווייב, שרה גיטל, אַ יידענע אַ בייזע, אַ הויכע, מיט אַ לענגלעך פאַרזאָרגט פּנים, אַ סך קינדערלעך, און טאָג ווי נאַכט, איז אין דעם קליינעם שטיבל געווען ווי אין אַ גיהנום און איר ניט געגעבן קיין רו. אויסגעשעפּט פון די כחות, האָט זי זיך שטענדיק געקלאָגט אויף איר ביטער מזל. דאָס ערגסטע איז געווען ווינטער, ווען זי פלעגט דעם גאַנצן טאָג, אין די גרעסטע קרירות און זאווערוכעס אַרומלויפן: אויף דער האַנט אַ גרויסן קארב מיט האלב פאַרפרוירענע עפּל און יעדן דאָנערשטאָג גיין איבער די חדרים, פאַרקויפן צו די יינגלעך מעסטלעך הייסע באָב און פלעצלעך מיט שטיקלעך ציבעלע איינגעבאַקן. אַ דורכגעפרוירענע איז שרה גיטל, אין די גרויע בין־השמשותן אַהיים געקומען, די פיס אָנגעשוואָלן פון שלעפּן דעם קויש פון שטוב צו שטוב. מיד און קאַלט, איז זי ווי אַ הרוג אַריינגעפאַלן אין בעט, מיט אַ בייז געמיט; אַ מבול פון קללות און חרמות, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן ביי איר אין הארץ דורך די שווערע טעג, האָט זיך אַ שאָט געטאָן אויף זיין קאָפּ, הגם ער האָט די שטוב זאַכן ספּעציעל אינדי ווינטער טעג זיך באַמיט אַז ס'זאָל אַלעס זיין אין אָרדנונג און געזען, אַז די קינדער זאָלן נישט דערצערנען די מאַמע. אַ פאַרביטערטע מיט אַן אָנגעוויטאָגט הארץ האָט זי ווי תמיד זיך צוזאַמענ־געדרייט ווי אַ קנויל און אַן אויפהער געוויינט, און זיך געקלאָגט אויף אירע פאַרשפּילטע יאָרן.

די לעצטע ווערטער זענען חיים משהן געפאלן ווי די שאַרף פון אַ שווערט וואָס טרעפט גלייך אין האַרץ. ער האָט געפרווווט תמיד זי טרייסטן, אַז דער רבונו של עולם וועט זיך אויף זיי מרחם זיין . . . און טאַקע צו וואָס פאַרלירן דעם בטחון, אַז מיר האָבן אַזאַ גרויסן גאָט ? אָבער זעענדיק, אַז איר כעס נעמט אָן אַלץ מער אַ שאַרפערן טאָן, און זי האָט מער קיין שליטה נישט איבער דער צונג און נישט איבער אירע הענט ; אַן אויסערגעוויינלעך פאַרצערנדער פייער האָט תמיד זיך באַוויזן אין אַזעלכע מינוטן אין זיין בליק, בשעת חיים משה פלעגט האַסטיק פונם שטיבל אַרויס. ער פלעגט עפּעס אַ פּאָר אונפאַרשטענד־לעכע ווערטער אין דער טיפקייט פונם טונקל באַלויכטענעם שטיבל אַ זאָג אַריין טאָן, צוהאַקנדיק די טיר הינטער זיך. הויל האָבן זיינע טריט אָפּגע־הילכט אין דעם ליידיקן געסל, וואָס ס׳איז שוין געלעגן געזונקען אינם חושך פון ווינטער אָוונט און אַן איינזאַמער זיך געשלייכט צום בית־המדרש, צו זיין עיר מקלט. זיך פאַרקליבן אין אַ ווינקל, ווי ער זאָל ביי קיינעם ניט זיין אָנ־זעעוודיק אין די אויגן, און מיט אַ געבראָכן געמיט און טרויעריקן ניגון פאַר זיך געברומט אַ קאַפּיטל תהלים. אַ נאָגנדיקער געדאַנק האָט זיך אין זיין קאָפּ אַריינגעבויערט און אויסגעפּילט זיין גאַנץ וועזן : אַנטלויפן פון שטוב, און דעם לאַנגען ווינטער, צו אַ שטיל . . . שטיל . . . לעבן.

באַלד נאָך פסח האָט שוין חיים משה זיך געגלעט דאָס רויטע צונויפגע־געדרייטע בערדל, און ווי אַ שטערן־זעער געקוקט אויפן הימל, ווי איינער וואָס וויל פאָראויס טרעפן, צי עס וועט זיין אַ נאַסער אָדער אַ טרוקענער זו־מער און, ועל כולם צי די ווינטן וועלן היי־יאָר אָפּטרייסלען דאָס בליעכץ פאַר דער צייט. אַ צעבראָכענער פלעגט ער יעדן אין דער פרי גלאָצן דורך דעם קליינעם פענסטערל און זיך וווּנדערן אויף דעם גראָבן רעגן וואָס האָט געגאָסן און אָפּגעשווענקט דאָס הייזל. און ווען נאָכמיטאָג די שווערע וואָלקנס האָבן ערגעץ ווייט אַוועקגעצויגן, און דער הימל איז געוואָרן לויטער. די זון האָט אַ בריינטן שמייכל געטאָן, פריש און וואַרים צו דער ערד, האָט ביי חיים משה זיך געוועקט די האָפנונג אויף אַ געראָטענעם זומער. אַ טיפע בענקשאַפט האָט אַרום זיין נשמה זיך געוויקלט און מאָדנע אים געצויגן צו די שטילקייט אין דאָרף און די ביינאַכטיקע פרישקייט. אַ פאַרחלומטער האָט ער געשפּריזט אי־בער די געסלעך, זיך אָפּגעשטעלט ביי יעדן בוים, און בשעת מעשה געטראַכט פונם סאָד וואָס ער האָט געדונגען.

דאָס שטעטל איז פאַר חיים משהן געווען ווי אָפּגעפּאַסט. רונד אַרום איז געווען הונדערטער צעוואָרפענע דערפער, מיט גרעסערע און קלענערע סע־דער, איינס ווייט אָפּגערוקט פונם צווייטן. די הייזלעך האָבן אויסגעזען ווי שוואַרצע פינטעלעך, וואָס זענען פאַרלוירן געגאַנגען אינם גרויסן שטח. גלייך ווי דער זומער האָט זיך אַוועקגעשטעלט האָט חיים משה יעדן טאָג זיך געפּע־דערט צו גיין אין דאָרף. אַ צופרידן מינעלע פלעגט זיך אויף זיין פנים אַרויפ־ציען, בשעת ער האָט אויסגעשפּרייט זיין רויטע פאַרטשיילע און איינגעפּאַקט

טלית און תפילין וואָס איז געלעגן אינם סאַמעטענעם זעקעלע, מיט אַ מגן־דוד, פון לייש־גאָלד אָנגענייט; אַ דיקן סידור מיטן בענטשערל; אַ שפּיץ פון אַ ווייסן קעז און אַ קליין שוואַרץ ברייטל; צוזאַמען גענומען די פיר עקן פון די פאַרטשיילע און עס שטאַרק פאַרקניפּט, אויפגעפּאַסט אויפן שפּיץ פון דעם סענקעוואַטן שטעקן, און דאָס קליינע פּעקל אַריבערגעוואָרפן אויף דעם לינקן אַקסל און זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

דאָס דאָרף ווו חיים משה האָט געדונגען דעם סאָד איז געשטאַנען באַרג אַראָפּ, איינגעזעצט צווישן גרינע לאָנקעס. אַ שמאָלער טייך איז צופּוסנס רוהיק געפלאָסן און נאָנט דערביי האָט אַ גרויסער און געדיכטער וואַלד זיך געצויגן ווייט־ווייט אַוועק. אין די זומער פאַרנאַכטן, ווען די זון האָט זיך געזעצט הינטערן טונקעלן וואַלד און פלאַמיק־רויט דעם אַרום געצונדן, האָט עס אויס־געזען ווי לאַנגע פיגורן מיט פייערדיקע קרוינען אַרומגענומען מיט אַ ברייטן גרינעם גאַרטל שטייען און הערן זיך איין צו דעם טרויעריקן ניגון פון חיים משה׳ס תהלים זאָגן, אין די סודותדיקע פאַרנאַכטן אין זיין ביידל. אַ צופרידענער פונם זומערדיקן לעבן אין דאָרף, און געזעטיקט מיט דעם פרישן ריח פון די גאָלדענע פרימאָרגנס, האָט ער זיך צוגעקוקט ווי די יונגע פויערטעס האָבן געמאָלקן די בהמות און דעם שקאָפּיק (אַ שעפּעלע אַזאַ) וואָס זיי האָבן געהאַלטן צווישן די אָפּגעדעקטע קני און די אַנטוויקלטע ברוסטן זייערע, וואָס האָבן זיך שטאַרק אַרויסגעשפּאַרט פון די רויטע בלאָז־קעלעך, און געררייצט מיט דאָרפישער געזונטקייט; אַ זינדיקער געדאַנק האָט זיך אין זיין מוח אַריינגעבויערט און ווי אַ זלידנע פליג אים ניט געלאָזט צורו. כדי צו פאַרטרייבן די שלעכטע געדאַנקען האָט ער גענומען דאָס קליי־נע קריגל וואָס ער האָט מיטגענומען פון דער היים און געבעטן אַביסל מילך. אָבער בשעת נעמען דאָס קריגל מילך פון די יונגע פויערטעס צופּאַרעטע האַנט, האָט ער אַ מאָדנע ציטער געטאָן און געפילט ווי ווערעמלעך וואָלטן איבער זיין לייב געקראָכן. ביינאַכט האָט ער געזען שלעכטע חלומות און נישט געקענט איינשלאָפן.

גאַנצע טעג איז חיים משה אַרומגעגאַנגען ווי אָן אַ קאָפּ און געהאָפט, אַז באַלד, באַלד. אַ וואַרימע פרייד האָט זיך צוגאָסן אין אַלע זיינע גלידער. גע־טריבן פון אַ אינעווייניקסטן געפיל האָט ער פרייטאָג נאָך גאַנץ פרי, ווען די ערשטע ליכט שטראַלן האָבן די נאַכט דורכגעבראָכן, געאײלט אַהיים צום ווייב אויף שבת. אויפן וועג זענען אים טויזנטער מחשבות אין קאָפּ דורכגעלאָפן, אַזעלכע מחשבות ווען זיי וואָלטן אים איינגעפאַלן אין מיטן דער וואָך, וואָלט ער געמיינט אַז ער ווערט משוגע. און פּלוצלינג אַזוי ווי אין אַ שפּיגל דערזען זיין גאַנץ נעבעכדיקן לעבן. די צוויי געהרגעטע פרנסות משטיינס געזאָגט, פון ווינטער לויפן איבערן שטעטל און שרייען יידן אין באָד אַריין, און זומער זיך וואַלגערן אין די דערפער אַליין. און וואָס האָט ער דערפון? קוים, קוים דאָס זינדיקע לעבן צו דערהאַלטן. כאָטש עס איז ערשט געווען אין מיטן זומער,

האָט זיך אַ האַרבסטיקער טרויער אין זיין האַרץ אַריינגעריסן, און עס האָט זיך איִם געדאַכט, אַז דער הימל, די בוימער זענען ברוגז און ער און אַלץ אַרום זענען מיאוס אָפּגענאַרט; פאַרטיפט אין זיינע רעיונות, האָט ער האַסטיק גע־שפּרייזט איבערן זאַמד און אויפגעהויבן אַ גאָלדענעם שטויב. דער הימל האָט זיך שוין שבתדיק איבערן שטעטל געלייגט און דער ריח פון געפּעפּערטע פיש האָט דאָס געסל אויסגעפילט, ווען חיים משה איז פון דאָרף געקומען.

די שטוב איז שוין געווען צוגערוימט און אַלץ איז שוין געשטאַנען אויף אַן אָרט. שרה גיטל, אַ פאַרשמייעטע פון וואַשן און קעמען די קינדער, האָט זי פון יוצא־וועגן, נישט קוקנדיק אין זיין זייט, גלאַט אַזוי אַ זאָג געטון: חיים משה אַזוי שפּעט. די שבתדיקע מנוחה האָט דאָס שטעטל פאַרכאַפּט און איינ־געוויגט זיין שטיבל אין אַ זיסע שטילקייט. אָפּגעשטויבט פון דער נשמה דעם אינדערוואָכנדיקן יאָך, דער שטענדיקער רוגז איז ביסלעכווייז צערינען. און יעדעס צווייטע יאָר האָבן די קינדער שטיל מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ אויף עפּעס שוין געוואַרט... און שרה גיטל האָט דאָס שטיבל באַרייכערט מיט נאָך אַ קינד. דאָס שטעטל וואָלט אודאי געבליבן אָן אַ נייעם דור, און חיים משה אָן קינדער, ווען נישט דער ליבער שבת.

ביי אַ קליין טישל נעבן פענסטער, איז געזעסן אברהם חיים, אַ ייד אין די מיטעלע יאָרן, דעם קאָפּ פאַרלעגט עטוואָס אין אַ זייט, פאַרטראַכט, אַזוי ווי ער וואָלט אויף עפּעס געזוכט אַ תשובה; און פאר זיך געמורמלט: יאָ, מען מוז מיטגיין מיט דער צייט, ווען נישט קען זי דיך אויפפרעסן; משנה מקום משנה מזל.

זיינע גרויסע, גרויע אויגן, באַדעקט מיט דיקע שוואַרצע ברעמען, זיינען געווען פול מיט חידוש איבער דעם נייעם עסק וואָס ער האָט געשלאָסן מיטן פריץ פונם דאָרף בלינקא, צו נעמען אין ארענדע די פאַכט. הגם ער האָט נישט געהאַט וואָס צו פאַרלירן. דאָס לעבן אינם שטעטל האָט אים געוויזן אַזוינס, וואָס האָט תמיד געשאָפן פאַר אים ווייטאָק און יסורים. אַ טיפער עקל האָט אין זיין האַרץ זיך געוועקט צו דעם לעבן, ווי בעלי הבתים זיצן און געניצן, אויס־קוקנדיק אויף אַ פאַרדינסטל, וואָס נישט אַלע מאָל האָט עס זיך געמאַכט.

שטיל, פאַרטיפט אין זיינע רעיונות, האָט ביי אים אין געדאַנק גענומען עפּעס דערוואַכן. אַ ווייכער און זאַנפטער שוידער איז איבער זיין לייב דורך, און אַ נאָגענדער ווייטאָק האָט זיך אין זיין מוח איינגעבויערט: וואָס וועט ער טאָן אין דאָרף אָפּגעריסן פונם שטאָטישן לעבן, מיט אַלע אירע שפּיצלעך און אויבערשפּיצלעך? עפּעס אַ באַהאַלטן נישט פאַרגינענדיק געפיל צו עוזר, דעם קרומען, וואָס הן אין מאַרק, הן אין שול להבדיל, פלעגט ער אים פאַרלויפן דעם וועג. און פרייטאָג צו נאַכטס, אין זיין חברה, תמיד זיך רייסן צום עמוד, וואָס אברהם חיים האָט חזקה דערויף: עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז מיט די עטליכע וויאָרסט, וואָס ער דערווייטערט זיך פונם שטעטל, ווערט אָפּגערוקט אַ שטיק פון זיין אייגן לעבן.

אין אַ ווינקלפון שטוב, אויף דער קאַנאַפּע, איז געזעסן חיה אסתר, זיין צווייטע ווייב, און געהאַט אירע אייגענע חשבונות. איר האָט שטאַרק נישט געגלוסט צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל, און זיך אַליין באַדויערט, וואָס זי, נאָך גאָר יונג וועט דאַרפן לעבן מיט דער קו און פעלד. ווי וועט זי זיך קענען צופּאַסן צו די נייע אומשטענדן אין דאָרף, מיט צוויי פּיצלעך קינדער וואָס נעמען ביי איר צו די גאַנצע צייט. עס איז אין איר אויפגעגאַנגען אַ פאַרדרוס, וואָס אברהם חיים האָט מיט איר קיינמאָל ניט איבערגערעדט וועגן זיינע אָנגעלעגנהייטן. עס האָט זיך אַרום איר געוועבט אַ געפיל פון אומרואיקייט, וואָס זי האָט נישט געקענט משיג זיין. מן הסתם איז עס אַ גאָט זאַך, און זיך אַליין געטרייסט, וואָס זי וועט קענען נוצן ברייננגען אינם נייעם בעל־הבתישקייט . . .

אין דער צייט איז מאָטל, אַ ייִנגל פון זיין ערשט ווייב, געוואָרן צוועלף

יאָר, און געלערנט ביי העשל באָטשאַן, דער בעסטער גמרא מלמד אינם שטעטל. דאָס איז געווען אַ ייד אַ הויכער, דאַר ווי אַ חאָרט, מיט זייער אַ לאַנגן האַלז. מחמת דעם האָט ער שטענדיק געטראָגן אַזאַ מין שאַליקל וואָס ס׳איז שווער געווען צו באַשטימען דעם קאָליר דערפון. ער האָט ווייניק גערעדט און תמיד נאָר געזיפצט. העשל איז געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט אינם נייעם עסק פון אברהם חיים. און פאַרן אַהיים גיין פון חדר, האָט ער אָנגענומען מאָטלען פאַרן האַנט, אַזאַ טבע האָט ער געהאַט, בשעת ריידן ווענן אַ וויכטיקן ענין, אָנ־צונעמען יענעם פאַרן האַנט, פאַרצויגן דעם צעאָקערטן שטערן זיינעם, וואָס האָט אויסגעדריקט ווי אַ בקשה: „מאָטל, דו פאָרסט ־אינגיכן אַוועק פונם שטעטל, זע זאָלסט נישט פאַרגעסן דאָס לערנען; אַ שאָד, אַ שאָד. אייגנטלעך ביזטו אַ גרויסער שגץ, נאָר דו האָסט אַ גוטן קאָפּ. איך וועל נאָך איבעררײדן מיטן טאַטן״.

די ווערטער זענען דעם ייִנגל געוואָרן אויפפאַלענד און איז מיט אַן אימ־פעט אַהיים געלאָפן. די פאָלעס פון די קאַפּאָטע האָבן ווי צוויי שוואַרצע פליגל זיך צעפאָכעט בשעתן לויפן; די הענט פאָרויס, האָט ער אויסגעזען ווי אַ משונה גרויסער פויגל, וואָס פליט צו זיין נעסט, ווען אַ געפאַר איז נאָנט. אַ פאַרסאָפּעטער און צעיאַכמערט איז ער כמעט ווי אַריינגעפאַלן אין שטוב. דערזען ווי חיה אסתר זיצט אין אַ ווינקל פאַרטאָן אין זיך, דאָס פּיצעלע קינד אויף דער שויס, טוליעט זיך צו איר ברוסט און זוכט עפּעס, דער פאָטער שטאַרק פאַרקלערט, קוקט אַן אַ ציל אין גאַס אַריין, איז אַ שוידער דורך זיין לייב און געבליבן שטיין ווי געפּלעפּט. אין שטוב האָט געהערשט אַן אָנגע־שטריינגטע שטילקייט און שטאַרק גערייצט דעם שווערן געמיט. און ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז עפּעס אַ בייזער חלום, שוועבט אַרום אין די ווינקלען פונם שטיבל. אברהם חיים האָט זיך ווי פון אַ שווערן שלאָף אויפגעכאַפּט, נערוויי־איש געקלאַפּט מיטן מיטלסטן פינגער אינם טישל און גלאָט אַזוי געפרעגט מאָטלען, צי ער וויל בלייבן ביים פעטער ניסל. דאָס האָט ער געזאָגט, אין אַזאַ טאָן אַז ער אַליין האָט קוים געגלויבט זיינע אייגענע ווערטער.

חיה אסתר האָט פאַרצויגן אירע דינע ליפּן, און אַ פרעג געטאָן וואָס וועט טאָקע זיין מיטן ייִנגל. אַ שאָד אים אָפּצונעמען פונם לערנען. מאָטל האָט סיי ווי קיין חשק געהאַט מער צום לערנען, און ביים פעטער ניסל אין שטוב, וואָס איז שוין אַזוי אויך געווען פול מיט קליינוואַרג, האָט ער נישט געוואָלט בלייבן. אגב, האָט אים געצויגן צום נייעם לעבן . . .

עס איז געווען אָנהויב פרילינג. עס שמעקט מיט פרישע פרילינגס ריחות. ס׳האָבן זיך געשטעלט גאָלדענע טעג, ווי דער מענטש ווערט געכאַפּט אין נעצן פון גרויסע האָפנונגען. אין אַזעלכע טעג האָט אברהם חיים זיך געזעגנט מיטן שטעטל. שווער און פיינלעך איז געווען פאַר אים זיך צו שיידן מיט זיין חברה׳לע, ווו ער האָט יעדן פרייטאָג־צו־נאַכטס געדאַווענט און עס מיט אַזוי פיל מי געשאַפן. נאָך שווערער איז דאָס געווען פאַר חיה אסתר. פון גאַנץ אין

דער פּרי האָט זי דערפילט ווי ס׳פלאַמען איר די אויערן פון עפּעס אַן אויפ־רעגונג. אין איר קאָפּ האָט זיך געטראָגן אומקלאָרע בילדער און געדאַנקען, וואָס האָבן איר קיין רו נישט געגעבן. פאַר ווּעמען אַראָפּצוריידן פונם האַרצן איז נישט געווען. כמעט אַלע אירע פריינט האָבן זי פּשוט מקנא געווען, אַ קליינ־קייט איבערצוציען זיך אין אַזאַ רחבות.

* * *

די נייע דירה, וווהין אברהם חיים האָט זיך איבערגעצויגן איז געווען אַ קליינע. דריי נידריקע צימערלעך מיט אַ קיכל. אַ הויף און צוויי שטאַלן פאַר פערד און בהמות. געשטאַנען איז דאָס הייזל אין אַן עק פונם הויף, אַרומגע־צוימט מיט אַ נידריקן פּלויט פון געפלאָכטענע ריטלעך. אַ ברייטער גאָרטן האָט דעם הויף אָפּגעטיילט פון די אַנדערע איינוווינער אינם דאָרף. הינטערן הייזל האָט זיך געשפּרייט אַ גרויסע ברייטע לאָנקע, ווו אַ קלאָר שטיל פּליסנ־דיק טייכל האָט עס דורכגעשניטן און זיך אָפּגעשפּיגלט אין די קליינע פענס־טערלעך פונם הייזל. אויף דער אַנדערער זייט טייך האָט אַ גרויסער געדיכטער וואַלד זיך געשפּרייט, און ס׳האָט פון דערווייטן אויסגעזען, ווי די ביימער זיי־נען צוגערוקט נאָענט איינס צום אַנדערן און מיט ליבע נעמען זיי זיך אַרום מיט זייערע צווייגן. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז אַזוי וועלן זיי תמיד שטיין צווישן הימל און ערד. נאָך קיינמאָל האָט מאָטל געזען אַזוי פיל שיינקייט. אַ צעטומלטער איז ער געבליבן שטיין, קוקנדיק אויף דעם בילד, וואָס ס׳האָט זיך פאַר זיינע אויגן אַנטפּלעקט. עס איז אים אין דער זעלבער רגע אַזוי גוט גע־ווען, אַז ער וואָלט געוואָלט די גאַנצע וועלט אַרומנעמען און קושן . . .

מאָטל האָט זיך שנעל איינגעלעבט אין דאָרף, גאַנצע טעג פאַרברענגט מיט יונגוואַרג. אַממיינסטן האָט אים געצויגן צו די קליינע העלענקאַ, אַ שלאַנק מיידל מיט העל בלויע גוטע אויגן. אַז זיי האָבן אויף עמיצן געקוקט, האָבן זיי געגלעט און געשטילט יענעמס גרעסטן צער. יעדן פאַרנאַכט איז דאָס דאָרף געווען איינגעהילט אין געזאַנג און ער האָט ליב געהאַט צו הערן די לידער און מוזיק, וואָס די שקצים שפּילן אויף די האַרמאָניקעס, און די מיידלעך זינגען און שטאַרק הנאה געהאַט צו זען ווי די טאַנצנדיקע פּויערשע מיידלעך האָבן מיט זייערע נאַקעטע פיס צוגעקלאַפּט צום טאַקט. ער האָט שטאַרק מקנא געווען די פּויערשע יונגן, וואָס האָבן געהאַלטן די מיידלעך ביי די טאַליעס און פעסט זיי געדריקט צו זיך. עס האָט זיך אים אויך פאַרגלוסט אַרומצוכאַפּן די שיינע העלענקאַ און זיך לאָזן אין אַ טענצל. אָבער ער האָט עס פונדעסטוועגן נישט געטאָן. ער איז צוגעגאַנגען גאַנץ נאָענט צו איר, אַריינגעקוקט אין אירע טיפע שיינע אויגן. עפּעס וואָס אַזוינס האָט אַ ריר געטאָן דאָרט אינעווייניק אין האַרצן. די געפילן פון לוסט און לעבן האָבן אים ווי פאַרשיכורט. און פּלוצלונג דער־פילט איר שטאַרקן און געזונטן קערפּער נעבן זיך. פאַרשעמט פאַר זיך אַליין

וואָס ער קען נישט ביישטייִן קעגן יצר הרע, איז ער אַהיים געלאָפן, צוגע־שפּאַרט זיין הייס פּנים צום פענסטערל און געקוקט אין די טיפע נאַכט אַריין. די שטערן האָבן ריין געפינקלט אינם שטומען הימל, און זיך געטונקען אינם קלאָרן טייך. אַ נאָגנדע בענקשאַפט האָט זיך אין אים באַזעצט, און ס׳האָט זיך אים געדאַכט אַז דער גאַנצער אַרום בענקט. דאָס שטילע פליסנדע טייכל בענקט און נעמט מיט אַ גרויסן סוד, אפשר זיין סוד און די ווערבן־ביימער בייגן אַראָפּ זיינע צווייגן צום וואַסער, וויגן זיך פאַרבענקט . . .

דער זומער איז אַוועק. עס זענען אָנגעקומען אַנדערע טעג, אַן אַנדער הימל האָט זיך איבערן דאָרף געשפּרייט. עס האָט געגומען רעגענען, דערנאָך שנייען און פרירן. אַ פּראַסטיק ווערלדל האָבן די שויבן באַדעקט און געהאַלטן די שטובן אין האַלב־טונקלקייט. די קרירהס האָבן געשטיגן. פונם וואַלד האָט זיך געהערט דאָס קנאַקן פון די צווייגן, וואָס זענען דורך קעלט און פראָסט פון די ביימער אָפּגעשפּרונגען. און ס׳האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי דער וואַלד קנאַקט אויס זיינע אַלטע גלידער. דאָס גאַנצע דאָרף האָט זיך געשליירט אין ווייסן און געבלענדט די אויגן. די טעג האָבן זיך געצויגן פויל, אין שטוב איז די לופט געווען פול מיט רוגזו. אברהם חיים האָט געפילט, אַז אַלץ אין אים איז פאַרגליווערט געוואָרן. שעה׳ן לאַנג פלעגט ער זיצן פאַרטראַכט און קוקן אויף די ווייזערס פונם וואַנט־זייגער, וואָס רירן זיך אַזוי פאַמעלעך. עס האָט אים שטאַרק געצויגן צוריק אין שטאָט צו די שבתים און זיין חברהלע. טרויער און אומעט האָט זיך אַרויסגעזען פון זיין יעדע באַוועגונג, און מיט דער צייט פאַרלוירן זיין שטיל פריילעכע מינע. דאָ איז ער געווען עלענט ווי אַ שטיין...

חיה אסתר איז איצט געווען די איינציקע וואָס האָט געטראָגן די גאַנצע ווירטשאַפט אויף אירע פּלייצעס, און יעדן פרימאָרגן געגאַנגען אָפּנעמען די מילך. אַזוי זענען פאַרגאַנגען וואָכן און חדשים. אָבער אַן אומגעריכטער צו־פאַל האָט זיך אַריינגעמישט און נאָך שווערער געמאַכט איר געמיט. דער יונגער פּריץ וואָס פלעגט פון צייט צו צייט זיין ביים מעלקן די בהמות, האָט פון דער זייט באַטראַכט חיה אסתר, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ יונג שטאָטיש מיידל. צוליב איר פלעגט ער קומען יעדן אין דער פרי, און מיט די גאַנצע תאוה פון זיין הייסן גוף גיריק אויף איר געקוקט, אַזוי ווי ער וואָלט מיט זיינע שפּיזיקע אויגן געגעסן איר יעדע באַוועגונג. חיה אסתר האָט דערפילט עפּעס אַ מוראַ־דיקע צעטראָגנקייט, און האָט אויפגעציטערט איטלעכס מאָל ווען דער יונגער פּריץ האָט זיך באַוויזן. איינמאָל אין אַ פאַרנעפּלטן פרימאָרגן, האָט ער זי אָנ־געגומען פאַרן האַנט, און אַ צי געטאָן זי צו זיך, דערביי פיבעריש געשטאַמעלט:

„דו ביזט זייער אַ שיינינקע, איך האָב דיך שטאַרק ליב״ . . .

פון די פּלוצלונג אונערוואַרטעטע באַגעגעניש איז זי אַהיימגעלאָפן אַ צעפּלאָמטע, בייז אויף זיך, אויף די מענטשן און אויפן גאַנצן לעבן אין דאָרף. זי האָט היסטעריש זיך צעווײנט און מיט אַ ווילדן כעס געשריגן: איך וועל נישט גיין נאָך די מילך, איך טאָר נישט, איך טאָר נישט! אירע הייסע טרערן

זענען געפאַלן אויף די קליינע קינדער, וואָס זי האָט שטאַרק צוגעדריקט צו איר ברוסט.

פאַר אברהם חיימ׳ן איז די נייע צרה געפאַלן ווי אַ שווערער קלאַפּ. שלעכטע מחשבות האָבן זיך ווי שוואַרצע מייזלעך אין זיין קאָפּ פאַרקליבן און דאָרט געטאַנצט אַ שדים טאַנץ. עס זענען פאַר זיינע אויגן פאַרבייגעשוווּמען צוויי יאָר שווערע אַרבעט און פאַרשאַפּט אים טרערן און פּיין — אַ ביטערער עסק. ער איז אַלץ שוואַכער געוואָרן אין געזונט, און געזוכט זיך צו באַפרייען פון זיין שווערן אומעטיקן געמיט. זיין גאַנצער וועזן איז געוואָרן אויסגעפּילט מיט דעם איינציקן געדאַנק צוריק אין שטאָט אַריין. און געגומען אונטעראיילן דאָס איבערציען זיך. צו מאָרגנס פון דעם געבענטשטן טאָג איז דאָס קושן פון חיה אסתר געווען נאָס פון טרערן . . . דאָס זענען געווען טרערן פו׳ן פרייד! בלויז מאָטל האָט זיך באַהאַלטן ביים ברעג פונם טייך און פאַר זיינע אויגן האָט זיך אויסגעריסעוועט דאָס שטראַלנדיק געשטאַלט פון העלענקאַ. עפּעס אַ געהיימע קראַפט האָט אים געצויגן אַריינצושפּרינגען אינם טייך און ווערן מיט־געטראָגן ווייט־ווייט ווו הימל און וואַסער ווערן איינס.

* * *

דעם פרייטאָג־צו־נאַכטס אין שטאָט האָט חיה אסתר באַזונדערס אויסגעזען שיין. דאָס ליכט פון די לייכטער האָט באַדעקט איר ברוסט און פּנים. דאָס האָט איר צוגעגעבן אַ מילדן שיינעם רייץ. אברהם חיים, אַ פריילעכער פונם שבתדיקן תענוג האָט געברומט פאַר זיך. „משנה מקום—משנה מזל“ . . . און חיה אסתר האָט צניעותדיק מיט טרערן אין די אויגן, וואָס האָבן אין די שבת־ליכט אויסגעזען ווי שיינע פּערל, נאָכגעזאָגט: „משנה מקום משנה מזל“...

האַרט ביי אַ זאַמדיקן באַרג, אונטן אַראָפּ אין טאָל, געפינט זיך דאָס דאָרף בעלין, וועלכעס איז אַן ערך פון זעקס וויאָרסט פונם שטעטל „ר״, אין פוילן. אַ שמאָלער פּאַס וואַסער, באַוואַקסן פוןביידע זייטן ברעגעס מיט ווילדע שאַר־פּע גראָזן, פליסט פּאַמעלעך צופוסנס פון אַ געדיכטן סאָסנאָוועגעם וואַלד, דורכשניידנדיק אין זיג־זאַגן די זומפּיקע לאָנקעס, וועלכע שפּרייטן זיך לענג־אויס הינטערן דאָרף; קושנדיק ביידע ברעגעס צוזאַמען, פאַלט דער שמאָלער פּאַס וואַסער מורמלענדיק אַריין אין דעם טייך „די ראָווקע״ וואָס קרייזט אין אַ פאָרם פון אַ דריי־עק אַרום דעם שטעטל; גלייכט זיך אויס ביי דער בריק פון דער יידישער שטאָט און ציט זיך העט ווייט אַוועק.

ביי די איינוווינער פון דעם דאָזיקן דאָרף איז געווען אַן אַלטע טראַדיציע, אַ גלויבן, אַז אינם סוף חודש אדר, בעת דאָס אייז לאָזט און דער שמאָ־לער פּאַס וואַסער לויפט אַריבער די ברעגעס, מיטרייסנדיק דאָס איינציקע האָלצערנע בריקל, וועלכעס פאַרבינדט דאָס דאָרף מיט דער שטאָט, אַז אַלע־מאָל אין דער צייט מוז דאָס וואַסער און די זומפּן האָבן אַ קרבן, אַ מענטש, אַ חיה, אַלצאיינס. זיי זיינען געווען איינגעגלויבט, אַז אין די נעכט פון דעם חודש זיצט דער טייוול אויף דעם איינגעשלאָפענעם טורם ביים קלויסטער, ווי אַ בייזער רוח, מיט הערנער ווי ביי אַ קוה, און ציט דעם איינציקן גלאָק, אַרויס־רופנדיק אַלע שרעקענדע און פינסטערע כוחות.

אַ געהיימע שרעק איז אויף זיי אָנגעפאַלן אין די דאָזיקע נעכט; ס׳פלעגט זיך זיי דוכטן, אַז פונם פלוצלעכן אויפגעטרייסלטן וואַלד הערן זיך פאַרשטיק־טע קולות, וועלכע טראָגן זיך מיט אַ ווילדן געפייף אַרום איבערן דאָרף. די נאָדל־בוימער ציטערן מורא׳דיק אויף און ביי יעדן ווינטל שפּרינגט פון וואַלד אַרויס עפּעס אַ משונה׳דיקער שוואַרצער פויגל, גיט אַ שאָס ערגעץ אַוועק מיט אַ גרילצנדיקן קוויטש און ווערט נעלם. די פערד אין די שטאַלן ווערן אומ־רואיק, הירזשען, בריקן מיט זייערע הינטערשטע פיס, ווי זיי וואָלטן פאַר עפּעס שרעקליכעס זיך דערשראָקן. די לופט ווערט פול מיט היילנדיקן חיה׳שן געוואָי, און די דאָרפס הינט הייבן אָן מורא׳דיק צו בילן, רייסן זיך פון די קייטן, אָפּ־ענטפערנדיק זייערע ווילדע ברידער אין וואַלד.

הגם אין פאַלן פון סכנה באַווייזן די פויערים אויסערגעוויינלעכע גבורה, אָבער אין דעם גלויבן וועגן שדים און בייזע רוחות זיינען זיי געווען גענייגט צו פּלוצלעכע און געהיימע שרעק. אַ שוואַכקייט, וועלכע האָט באַזונדערס גע־ווירקט אויף זייער געמיט. די טראַדיציע, וועלכע איז איבערגעגאַנגען פון

פריערדיקע דורות, האָט אין פאַרלויף פון לאַנגע יאָרן זיך שטאַרק איינגעוועבט אין זייער געדאַנק. אַלע, נישט דווקא די אַלטע איינוווינער, אפילו די יונגערע, פלעגן אויס אַלטע געוווינהייט אין די נעכט, ווען דאָס אייז האָט אָנגעהויבן פּלאַצן, קניען פאַר די הייליקע בילדער, צלמען זיך און פּאַציעריזש זאָגן, וואָרטנדיק אומגעדולדיק אויף דעם ערשטן קריי פונם האָן, אויף דעם ערשטן שטרייף ליכט, וועלכער איז בכוח צו פאַרטרייבן די עולם־התוהו געשפּענסטער.

דאָס דאָרף בעלין איז באַשטאַנען פון אַ צענדליק קליינע הייזלעך, באַדעקט מיט שטרויענע דעכער, וועלכע טוליען זיך איינס צום אַנדערן, אויס מורא פאַר דער פינסטערניש פונם געדיכטן וואַלד. די דאָזיקע הייזלעך זיינען געווען באַוווינט פון געזונטע אָנגעהאָרעוועטע גוים, ברייטביינינקע און פעסט געבויטע פויערים. צווישן זיי געפינט זיך דער איין־איינציקער ייד בערל. די דאָרפס־גוים רופן אים נאָש בערעק, האַלטן מיט אים וויכוחים וועגן גאָט־זאַכן און פאַרזיכערן, אַז אים, בערעק'ן, וועט קיינמאָל קיין שלעכטס ניט געשען. די ווייבלעך אינם שטעטל רופן אים דער קעזל־ייד, מחמת צוויי טעמים, ראשית זיינען זיינע קעזלעך די געשמאַקסטע, והשנית מאַכט זיין האַלב־גרוי בערדל דעם איינדרוק ווי אַ קעזל, ביים שפּיץ געלבלעך און וואָס ווייטער אַרויף אַלץ מאַ־סיווער און ווייסער.

ווי אַזוי קומט דאָ אַהער דער ייד בערעק, דאָס איז אַן אומבאַוווסטע זאַך, אָבער אַז ער וווינט דאָ אין דעם קליינעם איינגעבויגענעם הייזל, אין שכנות מיט יוזעף דעם דאָרפס סטעלמאַך פון לאַנגע יאָרן, דאָס איז אַ פאַקט. זיין פאָ־טער ווי אויך זיין זיידע האָבן דאָ געוווינט, זיין גאַנצע משפחה זיינען געווען דאָרפס מענטשן, פּאַכטערס פון פּריצישע גיטער, וואַלד־יידן און פערד־סוחרים.

ניט בחינם פלעגט בערל ביי יעדער שקצישער זאַך, וואָס די זין האָבן אָפּ־געטאָן, פאַרוואָרפן זיין ווייב מרים, אַ פליישיק צעוואַקסענע יידענע, וועלכע קינדלט פון צייט צו צייט, אַז אירע זינדלעך זיינען אינגאַנצן געראָטן אין איר זיידן ר' מענדעלע דעם פערד־הענדלער, ע"ה, וועלכער איז נישט געווען קיין איבעריקער חכם. און אַז זיי האָבן פויערישע קעפּ און האָבן בכלל ניט קיין פיצל יידישקייט אין זיך. אַזאַ טבע האָט ער געהאַט. ספּעציעל ווען ער איז גע־וואָרן אין כעס מחמת דעם וואָס זיי זיינען תמיד פאַרנומען מיט גוי'אישע זאַכן.

אַממיינסטן פלעגט בערל אַרויס פון די כלים, וואָס זיי רייצן דעם שוואַרצן אָגער, וועלכן ער האָט אויפן יאַר־מאַרק אין שטעטל געקויפט ביי אַ ציגיינער. דאָס איז געווען אַ שוואַרץ פלינק פערד, וואָס מרים האָט אים געקרוינט מיטן נאָמען דער טאַנצנדיקער וויטעק, צוליב דעם וואָס דאָס פערד איז נישט גע־גאַנגען, אלא געטאַנצט, געשפּרונגען, און געבריקעט מיט די הינטערשטע פיס, בשעת שפּאַנען אים אין וואָגן. וויסנדיק איר מאַנס שוואַכקייט פאַר שיינע ראַ־סאָווע פערד, פלעגט זי נישט איינמאָל מיט מורא זיך באַקלאָגן, אַז דאָס האָרץ זאָגט איר אָן עפּעס נישט קיין גוטס. צוקוקנדיק זיך צו דעם געקלאַפּער און

געשרייען בעת׳ן שפּאַנען, פּלעגט זי מיט אַ זיפץ זאָגן: ס׳זאָל חלילה קיין אומ־גליק נישט געשען.

מיט די שכנים האָט בערל, אָדער בערעק, ווי זיי רופן אים, געלעבט גאַנץ בשלום. זיי האָבן שוין געהאַט זייערע בשותפותדיקע אינטערעסן, ווי פיש כאַפּן, פּאַשן די פערד, האַלץ פונם וואַלד פירן. באַלד איבערגיין צו די וויכוחים וועגן גאָט־זאַכן. דערבײַ אים אויפמערקזאַם מאַכן וועגן דער נייעס, וואָס מען טרײַבט אַרויס די יידן פון די דערפער. דיך, בערעק, פּלעגן די גוים זאָגן, וועט מען נישט טרײַבן, דו ביזט דאָך איינער פון אונז.

אָפטע שמועסן אַזעלכע פּלעגן זיי האָבן ספּעציעל אין די זומער פאַרנאַכטן, זיצנדיק אויף די שוועלן פאַר זייערע הייזלעך, און איבערדערציילן צום הונ־דערטסטן מאָל די זעלבע מעשהלעך, וועגן שדים, בייזע רוחות, לצים, וועלכע פאַרפירן, וואַסער־מענטשן, וכדומה; אָדער, ווען ס׳באַדראָט דעם דאָרף אַ גע־פאַר, למשל, ווען דאָס אייז פון די שווערע ווינטערס פּלאַצט און ס׳ווערט אַ גרויס געוויסער, וואָס פאַרפלייצט דעם גאַנצן ברעג אַזש ביז די הייזלעך, מיט־שלעפּנדיק מיט זיך פאַרקאַנעס, שטיקער שטוב־זאַכן, בהמות, טיילמאָל אויך אַ מענטש, העלפן זיך די שכנים איינער דעם צווייטן.

און בערל, דער ייד, אונטערשיידט זיך כמעט מיט גאָרנישט אינם טאָג־טעגלעכן לעבן פון זיינע מיטוווינער אינם דאָרף. מרים זיין ווייב אַרבעט אין שטוב, אינם גאָרטן, פירט די בעל־הביתישקייט. די אונטערגעוואַקסענע מייד־לעך מעלקן די קי און פּאַשן די ציג. די זין זיינען צוגלייך מיט די פּויערישע שקצים טאָג און נאַכט געווען אין פעלד, געשפּילט אויף מויל־אָרגאַנקעס און שטיפן מיט די שיקסעס. נישט איינמאָל פּלעגט בערל אַרויס פון געדולד צוליב דעם און ווי תמיד דעם גאַנצן כעס אויסלאָזן צום ווייב, וועלכעס האָט אויף אַ לענגערע צייט געשטערט דעם שלום־בית.

אָבער אַז ס׳איז געקומען דער ליבער פרייטאָג־צו־נאַכטס, ספּעציעל זומער, טיר און פענסטער זיינען אָפן, די לעצטע שטראַלן פון דער זון פאַלן פאַרשעמ־טערהייט נישט ווייט פונם שטיבל, דאָס טאַנצנדיקע פערד, צוגעבונדן ביי אַ פּוס אויף אַ לאַנגען שטריק צו אַ פּיענעק פון אַן אָפּגעהאַקטן בוים האַרט ביי דער לאָנקע, די גוים ליגן אויסגעצויגן נאָכן נאַכט־עסן און קוקן זיך צו ווי נאָך אַ טאָג געזעגנט זיך מיט דער וועלט און לאָזט ווידער דער נאַכט מיט אירע סודות פריי געוועלטיקן צווישן הימל און ערד, דעמאָלט זעט זיך פון בערלס הייזל די פיר מעשענע לייכטער מיט ליכט, וואָס ברענען שטיל און הייליק אין דער טונקעלער נאַכט אַריין. ביים טיש זיצט בערל רחבותדיק, עסט די פרישע ווייסע חלה, מיט די פיש, וואָס ער אַליין האָט ערשט היינט בייטאָג געכאַפּט און פילט בשעת מעשה דעם אמתן טעם גן־עדן. צופרידן מיט זיך, מיט זיין גורל, ברומט ער אונטער דער נאָז עפּעס אַ זמירות ניגון.

שטיל איז דאַן אַרום. אַ זומערדיק מילד ווינטל שאַרט זיך איבער די שפּיצן

פון די נאָדל בוימער אינם אַלטן וואַלד, וועלכער שטייט אַזוי מסתמא פון ששת ימי בראשית, האַרט ביי די גרינגע לאַנקעס, וואָס מאַכט פון דערוויטנס דעם איינדרוק, ווי אַרומגענומען מיט אַ ברייטן גרינעם גאַרטל, וויגנדיק זיך אין אַ שטילן געוויש צום טאַקט פון זיין זמירות ניגון. ס'דאַכט זיך אויס, אַז דאָס האַלט דער וואַלד מיט אים שבת. בערל טראַכט בשעת מעשה, ווי גוט עס איז צו האָבן אַזאַ טייערע זאַך ווי שבת.ביים בענטשן דערגרייכט ער קוים ביז „ואכלת ושבעת" און דרימלט תמיד איין ביים טיש.

מיט די יידן אינם שטעטל האָט בערל געהאַט גאַנץ ווייניק עסקים. אויסער די פרומע זאַכן, וואָס געהערן זיך אָן מיט גאָט, האָט ער קיין שייכות נישט גע־האַט מיט זיי. אַ פּראָסטער מענטש געווען. אָבער ווי נאָר דער חודש אלול האָט זיך אָנגעהויבן, כאַפּט זיך אַריין אין זיין האַרץ אַ קהלת שטימונג. די טעג ווערן אַלץ קירצער און קירצער, ביי יעדן ייד גייט אַ ציטער דורך דער נשמה און אַלע האָבן בלויז איין זאָרג אין האַרצן און ציטערן...

גרייט זיך שוין בערל מיט ווייב און קינדער אויף די ימים נוראים צו פאָרן אינם שטעטל. אַ מנהג, וואָס ער האָט בלב־ונפש געהאַלטן, פּונקט אַזוי ווי זיין פאָטער און פריער זיין זיידע האָבן זיך נוהג געווען. אַ ציטער גייט דורך זיין נשמה מיט יעדן שפּאַן, וואָס נענטער ער קומט צו צום שטעטל. ער האָט זיך וועגן עפּעס פאַרטראַכט און פלוצים אויף זיין גראָב פאַרהאַרטעוועטן יידיש צו זיך געזאָגט: אַלץ איינס! סיי־ווי־סיי וועל איך האָבן דעם גיהנום... זאָל כאָטש איינמאָל אין יאָר דאָס ביסל יידישקייט רייניקן די דאָרפישע „סקאָרע"... בשעת מעשה געוואָרפן אַ שאַרפן בליק אויף זיינע זין: משטיינס געזאָגט, וואָס וויסן זיי וועגן יידישקייט... האָט ער מיט אַ טרויעריקן פּנים זיך געוווּנדערט צו זיין ווייב מרים — אַז פון אבות־אבותינו געלעבט צווישן נישט־יידן, וואָס זאָלן זיי וויסן...

אַן אויסנאָם איז געווען הערשל, אַ דרייצן־יאָריק יינגל, מיט אַן איידל בלאַס פּנים, פאַרטיפטע שוואַרצע אויגן, וואָס האָבן פאַר׳חלום׳ט געבליקט אויף גאָטס שיינע וועלט. נאָך פון קינדווייז אָן האָט ער זיך אונטערשיידעט פון זיינע ברידער, הן אין לערנען ביים מלמד, וואָס בערל האָט אין דאָרף געהאַלטן פאַר זיינע קינדער, און הן אין זיין אויפפירונג. מען האָט באַלד געקענט זען, אַז ער וואַקסט גאָר אַן אַנדערער. בערל האָט אים געשיקט אינם שטעטל „ר" צו העשל דעם גמרא מלמד, ווו ער האָט געלערנט אייניקע יאָר מיט התמדה. די עלטערן האָבן דערוואַרט פון אים צו האָבן גרויס נחת; אַ קלייניקייט, אַ זון אַ וויל־לערנער. זייער פרייד האָט אָבער מיט איינמאָל זיך אַ וואַקל געטאָן. די סיבה איז געווען זיין שכנס דעם סטעלמאַכס יינגערע טאָכטער מאַרישאַ, אַ שלאַנק מיידל מיט בלויע אויגן, העל פלאַקסענע האָר ווי עכטע זייד, מיט אַ פאַרפירע־ריש זיס שמייכעלע, פאַר וועלכע די דאָרפס שקצים פלעגן זיך נישט איינמאָל צעוועריטלען צוליב איר. אָנגעטאָן תמיד אין אַ העל־בלוי קליידל, אַ ווייס בלוז־

קעלע און אַ פאַרשידנאַרטיק געבלימעלט פאַרטיכל. שטענדיק לעבעדיק און פריילעך, איז זי נאָך פון קליינערהייט אָן געוואָרן די צירונג פון דער קליינער דאָרפס קאָלאָניע.

מאַרישאַ איז תמיד געווען אַן אָפטער גאַסט ביי די בערעקס אין שטוב. כמעט אין איין עלטער געווען מיט הערשלען. קליינערהייט צוזאַמען אין זאַמד געשפּילט, געלאָפן איבער די לאָנקעס און צוזאַמען אין וואַסער זיך געפּלוסקעט. זי איז ביי אים געווען ווי אַן אייגענע שוועסטער און פאַר איר זיך נישט גע־שעמט.

די צייט אָבער האָט אונבאַמערקט זיך אַ רוק געטאָן. זיי זיינען מיט עטלע־כע יאָר עלטער געוואָרן. הערשל האָט ביסלעכווייז פאַרלוירן זיין אינערלעכע תמימות און אונשולד, עפּעס אַן אומרואיקייט האָט אויפגעברויזט אין זיין גאַנצן לייב, ס׳פלעגט אים אָפט אָנכאַפּן אַ בענקשאַפט ביים האַרץ אַליין נישט וויסנדיק נאָך וואָס. ער האָט ביסלעכווייז פאַרלוירן דעם חשק צום לערנען. זיין פּנים איז געוואָרן בלאַסער און די אויגן ווי פאַרצויגן מיט אַ מאַט הייטל. אין אַזעלכע מינוטן פון אינערלעכע עצבות פלעגט ער, אַנשטאָט גיין אין בית המדרש, פאַר־קריכן ערגעץ אין אַ זייט ביי דער בריק פון דער יידישער שטאָט, זיך שטאַרק איינקוקן אינם טייך, וועלכער טראָגט אין זיך אַוועק דעם שטראָמיקן פּאַס וואַ־סער ביי וועלכן ער האָט זיינע ערשטע קינדער יאָרן מיט איר אין דאָרף פאַר־ברענגט. ס׳איז אים מיט איינמאָל קלאָר געוואָרן, אַז מאַרישאַ, וועלכע פרעגט זיך תמיד נאָך אויף אים, ווערט אַלץ מער צוגעצויגן צו זיין האַרץ. ער האָט פּלוצים דערזען אַז ער שטייט פאַר אַן אָפּגרונד, ווי עס איז שווער איבער אים אַריבערצושפּרינגען. הערשל האָט אפילו זיך אַליין אָנגעהויבן פאַרטראַכטן: צו וואָס טויג דאָס אים, וואָס וועט דערפון אַרויסקומען? זי איז דאָך נישט קיין יידישע... ס׳האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. פאַרקערט, וואָס מער ער האָט זיך געוואָלט באַפרייען פון זיינע טרויעריקע מחשבות, אַלץ שטאַרקער האָט אים געצויגן צו איר.

הערשל האָט, זינט ער איז געקומען צוריק אין דאָרף אויף אַ גאַנצן זומער, געפילט זיך באַזונדערס אויפגעמונטערט און פריילעך. אָבער עפּעס פלאָנטערט זיך אין זיין געדאַנק, וואָס ר׳קען נישט פאַרשטיין. פריער איז ער געווען צו איר אַזוי נאָענט, ממש ווי צו אַן אייגענע שוועסטער און איצט איז אַלץ מיט איינ־מאָל אַנדערש געוואָרן. עפּעס הויבט ער זיך אָן רויטלען, ווען זי קומט אין שטוב אַריין. ער קען נישט קוקן איר גלייך אין די אויגן און ווי צו להכעיס מיידט זי אויס מיט אים צו ריידן. ס׳איז מערקווירדיק, האָט ער נישט ווילנדיק אַ קלער געטאָן, וואָס מער זי ווערט ווייטער פון אים, אַלץ מער זיינען זיינע מחשבות פאַרנומען נאָר וועגן איר... הערשל האָט ביי זיך פעסט באַשלאָסן, אַז ער מוז זיך מיט איר דורכשמועסן. ער מוז דערגיין אירע כוונות, וואָס זעט אויס ביי אים ווי אַ ווידערשפּרוך. ער האָט אָבער נישט געוווסט ווי אַזוי קען מען דאָס

אָנהויבן צו רעדן וועגן אַזעלכע זאַכן, אַז אַלץ זעלטענער קומט זי איצט צו זיי אין שטוב אַריין. פאַרוואָס ? פאַרוואָס ! — האָט ער כמעט מיט ווייטאָק אויסגע־שריגן — האַלט זי זיך אַזוי פון דערווייטנס. ער האָט דערפילט, אַז אַ קאַלטע און שטומע וואַנט שטייט צווישן זיי און שיידט זיי פונאַנדער. אַן אַלטער גע־דאַנק, וואָס ער האָט געהאַט ווי דערשטיקט אין זיך, האָט ווידער געגומען עג־בערן אין קאָפּ: אַוועקצוגיין אויף אייביק פון דעם נאַריש ענגען לעבן, וואָס די מענטשן האָבן צווישן זיך געשאַפן.

איינמאָל, פאַרנאַכט, איז הערשל געזעסן ביים פענסטער פאַרטיפט אין זיינע טרויעריקע מחשבות. ס'איז פונקט געווען אין דער צייט פון היי שניידן. אויפן הויף און אין דער שטוב שמעקט מיט פריש געשניטן היי. בערל און אַלע זיינען געווען פאַרנומען, ביים אָפּרוימען דאָס היי פון דער לאָנקע. דער הימל איבערן וואַלד האָט זיך צופלאַמט, און אין מיטן דאָרט די זון ווי אַ קופּערנער רויט אָנגעגליטער בעקן, וואָס איז פאַמעלעך איבערגעצויגן געוואָרן מיט אַ שווערן שוואַרצן וואָלקן. די נאַכט האָט, אונבאַמערקט, פון ערגעץ ווו אַריינגע־גנבעט זיך און געהילט אַלץ אין שטוב אין טונקעלקייט. ער איז געזעסן אָנגע־לענט מיט איין האַנט אויפן פענסטער און מיט אונגעדולד איינגעקוקט זיך אין דער טונקלקייט, וואָס איז צוגעפלאָסן פון אַלע זייטן. אין קאָפּ זיינען געקראָכן פאַרשידענע מחשבות, מיט איין עיקר געדאַנק, אַז אפשר איז זיין מוטער גע־רעכט, וואָס זי מוסרט אים תמיד אַז ער איז צופיל פאַרנומען מיט איר. זי איז דאָך נישט קיין יידישע. פאַרוואָס זאָל ער דוקא איר ליב האָבן און ניט קיין אַנדערע ? וואָס איז אין איר אַזוינס נישט געוויינלעכעס, וואָס זיין נשמה זאָל זיין פאַרנומען נאָר מיט איר... ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי איינער זאָגט: ווערט קען פאַרשטיין די סודות און געזעצן פון לעבן.

אַ סקריפּ פון דער טיר, וואָס האָט זיך געעפנט, האָט איבערגעריסן דעם שוואַרצן פאָדים פון זיינע געדאַנקען. אין שטוב איז אַריינגעקומען מאַרישאַ. זי איז געבליבן שטיין ביי דער טיר, ווי זי וואָלט מורא געהאַט נענטער צוצוגיין צו אים. מאַרישאַ האָט אין דער טונקלקייט אויסגעזען באַזונדערס שיין, גראַציעז און מונטער. זי האָט, אין דער שטייענדיקער פּאָזע, געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ דערוואַקסענע צייטיקייט. אירע ליכטיקע בלויע אויגן האָבן געקוקט אויף אים אַזוי ווייך, אַזוי וואַרים, אַז ער האָט געפילט, ווי יעדער גליד אירער, יעדער צוג פון איר פנים האָט ווי גערופן. ער האָט אויף איר געגלאָצט שטום, געקוקט און געשוויגן. דערנאָך... ער ווייס אַליין נישט, ווי אַזוי דאָס איז געשען, האָט ער זי געהאַלטן מיטביידע הענט אַרומגענומען ביי דער טאַליע, געקושט אירע באַקן, אירע אויגן.

אַ קוואַל פון עפּעס הייסעס און ליבעס האָט זיך געעפנט ביי אים אין האַרץ. ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז די שטוב, מאַרישאַ, אַלץ האָט זיך צוזאַמענגע־גאָסן אין איין געפיל פון נאָך קיינמאָל ביז אַהער איבערגעלעבטן גליק. זי האָט



E

אים געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער זיין צעשפּילטע פאַנטאַזיע האָט קוים אויפגע־כאַפּט איינציקע אָפּגעהאַקטע ווערטער, וואָס זי האָט מיט געבעטענער שעמעוו־דיקייט געוואָרקעט: הערשקע, לאָז אָפּ, ס׳קען נאָך ווער אַריינקומען. אָבער דאָס זיינען געווען ווערטער אָן באַדייטונג. זי האָט איצט אים געהערט, געווען אין זיין מאַכט.

זינט יענעם אָוונט, נאָך דער פּלוצלינגער איבערראַשונג איז הערשל גאָר אַן אַנדערער געוואָרן. אַ פריילעכער און אויפגעמונטערט פאַר נייע דערוואַר־טונגען; וואָס מער ער האָט וועגן דעם געטראַכט, אַלץ מער האָט ער געפילט, אַז זי האָט אויף אייביק פאַרשיכורט זיין נשמה, מיט עפּעס אַזוינס, וואָס איז ביז איצט געווען אַזוי ווייט פון אים. בלויז פון צייט צו צייט פלעגט ער נער־וועז שפּאַנען איבער דער שטוב און זיך איבערגעבן אין רשות פון לייכטע פלאַטערדיקע געדאַנקען... אַז עפּעס וואָס אַזוינס פול מיט סוד האָט ווער פאַר־וואָרפן אין זייערע הערצער.

עס איז אַוועק דער זומער. אין פאַרלויף פון דער צייט האָט זיך אויסגע־וועבט ביי זיי שיינע חלומות וועגן עפּעס אַ שיינעם, אָבער אומבאַקאַנטן לעבן. אמת, זיי האָבן פאָראויסגעזען אַ סך שטרויכלונגען. למשל, וואָס וועלן זיינע עלטערן דערצו זאָגן, זי איז דאָך נישט קיין יידישע. וואָס וועט זיין, אַז יוזעף דער סטעלמאַך וועט זיך דערפון דערוויסן. אַ גוי אַ כעסן, וועלכער האָט געהאַט אַן אויג אויף דעם ייִנגסטן זון פונם דאָרפס סאָלטיס, דער וועלכער פּרעדיקט תמיד האַס קעגן יידן. אָבער וואָס מער ער האָט געטראַכט וועגן דעם, אַלץ מיט מער אומגעדולד האָט ער געוואַרט אויף די פאַרנאַכטן, וואָס איז לויט זייער אָפּגעמאַכטן פּלאַן געווען זיך צו טרעפן אַלעמאָל אויף אַן אַנדער אָרט. מחמת דעם פלעגט הערשל כלומרשט נעמען דאָס טאַנצנדיקע פערד יעדן אָוונט אויף פּאַשע, מיטן אויסרייד, אַז די דאָרפס פויערים ברוגזן זיך, ווען זיי דערזען דעם אָגער צווישן זייערע פערד.

טעג נאָך טעג זיינען פאַרגאַנגען. עס האָט זיך געשטעלט אַ פריער, אָבער אַ שווערער ווינטער. וועגן צוריקפאָרן אינם שטעטל האָט קיין רייד נישט גע־קענט זיין. אַז ער איז איינמאָל פאַרטאָג אויפגעשטאַנען האָט ער דערזען ווי דאָס גאַנצע דאָרף איז פאַרשאָטן מיט שניי. אַ געדריקטע שטימונג האָט זיך אין זיין נשמה אַריינגעכאַפּט, צוליב דעם אָפּגעטויענעם שפּיצל, וואָס מען האָט מאָרישאַן אַוועקגעשיקט פונם דאָרף. וואָלט ער כאָטש געקענט אין איר פאַר־געסן; דאָס איז אָבער געווען אונמעגלעך. ער האָט אַ טיפן זיפץ געטאָן און ווידער גענומען קוקן אויף די פאַרפרוירענע שויבן. ס׳האָט זיך אים אויסגע־דאַכט, אַז נישט קיין שניי וואָלט אין שטוב אַריינגעקוקט, נאָר ווייס געהילטע מתים אין ליילעכער האָבן זיך אויפן הויף אויסגעלייגט מיט די רוקנס צום פענסטער. ער האָט זיך געוווּנדערט, ווי שנעל דער זומער איז אַוועק, דערמאָ־נענדיק זיך די גליקליכע אָוונטן, וואָס ער האָט אַזוי פריילעך מיט איר פאַר־

ברענגט. צו וואָס און צו ווען ? זיך אַרומדרייען אויף דער וועלט אַן איבעריקער — האָט ער צו זיך געזאָגט — אַז נאָך יעדן ביסעלע גליק שלעפּט זיך נאָך אַ גאַנצער פּאַק מיט יסורים, פּיין און לייד. ער האָט איצט מער ווי פריער דער־פילט דעם טיפן אָפּגרונט, וואָס שטייט צווישן זיי, וועלכער שיידט זיי אַזוי ברוטאַל פונאַנדער.

דאָס ערגסטע פאַר הערשלען זיינען געווען די נעכט, אין וועלכע ער איז גאַנץ וויניק געשלאָפן, קלערנדיק ; ווען וועט זי צוריקקומען ? און צי זי וועט איבערהויפּט צוריקקומען... די און אַנדערע ענלעכע פראַגן, וועגן איר מיס־טעריעזן פאַרשווינדן פונם דאָרף, האָבן אים געעגבערט אין קאָפּ און קיין מנוחה נישט געגעבן. זיין איינציקע טרייסט אין די מרה־שחורהדיקע נעכט איז געווען דער שוואַרצער אָגער, פאַר וועלכן ער פלעגט אויסגיסן זיין ביטערן וויי־טאָק, און וועלכער איז איצט געשטאַנען אין שטאַל פאַרשלאָסן, מחמת די פּויערים האָבן זיך לעצטנס געברוגזט, אַז דער אָגער קאַליעטשעט די אַנדערע פערד. פאַרגעסנדיק אָבער, אַז דורך דער צייט זיינען אונטערגעוואַקסן אַ גאַנצע ראָסע פון שיינע שפּרינגענדע פערד, וועלכע דאָס דאָרף בעלין האָט ביז אַהער נישט געהאַט און נישט געזען.

אפילו דער אַלטער סאָלטיס, וועלכער האָט תמיד מיט התפעלות געלויבט מרימס געפילטע פיש, מיט דער פרישער ווייסער חלה, און בשעת מעשה פאַר־זיכערט, אַז זיי די בערעקס וועט קיין שלעכטס נישט געשען, איז זינט זיין יינגער זון מיכאַלעק, וועלכער איז געקומען פון שטאָט צוריק אינם דאָרף, און זיך געשדכנט צום סטעלמאַכס טאָכטער מאַרישאַ, געוואָרן גאָר אַן אַנדערער. איינמאָל בשעת בערל איז פאַרבייגעפאָרן דעם סאָלטיס הייזל, האָט ער אים אָפּגעשטעלט און פאַרפירט אַ לענגערן שמועס... ראשית וועגן פאַן יעזוס, און די יידעלעך ! פלוצלינג מיט עפּעס אַ באַהאַלטענע כונה צו אים געזאָגט ; דו ווייסט, בערעק, ס'איז נישט גוט אויף דער וועלט. פּויערים בונטעווען זיך, טרייבן אַרויס די יידן פון די דערפער, נישט גוט. דו בערעק האָסט נישט וואָס מורא צו האָבן, ביי מיר אין דאָרף וועט צו אַזעלכע זאַכן נישט קומען. איך וועל זיי ווייזן די כאַמולעס. צום סוף אים געראַטן צו פאַרקויפן דאָס פערד, וואָס איז קיין איין מינוט נישט געשטאַנען רואיק. ביי בערלען אין האַרץ האָט עפּעס אַ טיאָכקע געטאָן, ער האָט דערפילט אין די צווייזדייטיקע אָנצוהערע־נישן עפּעס אַ באַהאַלטענעם רמז אויף שלעכטע בשורות.

זינט דעם דעמאָלטדיקן שמועס האָט בערל דאָס פערד נישט אַרויסגעלאָזט פון שטאַל ; אים געהאַלטן מיט דעם איינציקן געדאַנק, אים צו פאַרקויפן אויף דעם גרויסן יריד, וואָס פאַלט תמיד אויס אין זומער. אָבער עס איז סיי ווי נישט געווען באַשערט נאָך אַ זומער, אויף וועלכן סיי בערל, סיי הערשל, האָבן מיט אַזוי פיל מורא און אומגעדולד געוואַרט.

געשען איז דאָס אומגליק טאָקע אינם סוף חודש אדר פונם יאָר 1904,

ווען דאָס אייז אינם שמאָלן פּאַס וואַסער האָט אָנגעהויבן פּלאַצן. בערל איז פּונקט דעמאָלט געווען אינם שטעטל „ר״, צוליב צוויי טעמים: ראשית, ווי זיין שטייגער איז תמיד געווען, וואָס פריער צו באַזאָרגן זיך מיט מצה אויף פּסח, גלייכצייטיק אויך זען וועגן עפּעס אַ תכלית פאַר הערשלען. אָבער מיינסטנס, מחמת דעם מורמלען פון די פויערים וועגן דער מעשה מיטן פאַרליבעניש, האָט בערל געוואָלט וואָס גיכער אים אַוועקשיקן פונם דאָרף.

די נאַכט, ווען דאָס אומגליק איז געשען, איז געווען אַ קאַלטע. אַ טיפע פינסטערניש האָט די לאָנקעס, דעם טייך, צעגויפגעגאָסן אין איין שטיק טיפע שוואַרצקייט. אַ שאַרפער ווינט האָט מיט אַ באַזונדער פייפן זיך געטראָגן אי־בער׳ן דאָרף, געריסן די פענסטער און טירען פון די קליינע הייזלעך. הערשל האָט מיט אַ באַזונדערן אומעט צוגעהערט זיך צו דעם מוראדיקן געיאָמער פונם ווינט. פאַרטיפט אין זיינע מחשבות, וועגן זאַכן, וואָס האָבן זיך אים אַזוי וווּנדערלעך איבערגעמישט און געפּלאָנטערט אין זיין געדאַנק, האָט ער אַלע מאָל געכאַפּט אַ בליק אין דרויסן אין דער טיפער שוואַרצער נאַכט אַריין, וועלכע איז אַזוי פול מיט סוד, אַז עס איז אַ שרעק פאַר דעם... ס׳האָט זיך אים געדוכט אַז עמיצער שפּרייזט תמיד הינטער אים, כסדר שעפּטשעט אים אין אויער, אַז קיינער, קיינער וועט אים שוין נישט זיין נאָנט אויף דער וועלט.

דאָס פערד, וועלכעס איז דעם גאַנצן ווינטער געווען פאַרשפּאַרט אין שטאַל און שטאַרק געביינקט נאָך זיינע זיווגים, איז פּלוצלינג, ווי דורך עפּעס אַ כישוף אַרויס פון שטאַל און מיט אַ ווילדן הירזשן זיך געלאָזט צו די לאָנ־קעס. עס איז דורכגעלאָפן דעם דאָרף איינמאָל, אַ צווייטן, נעבן פּאַרקן אין הויף זיך אָפּגעשטעלט און גענומען קלאַפּן מיט די הינטערשטע פיס; נאָכדעם זיך אַוועקגעלאָזט אויף יענער זייט בריקל, צו די ברייטע און טיפע לאָנקעס.

דאָס ווילדע הירזשן פונם פערד האָט אינם באַטויבנדן ווינט זיך אַוועק־געטראָגן טיף אין וואַלד אַריין, און אויסגעמישט זיך מיטן חיהשן געוואָי. הערשל האָט מיט אַמאָל באַגריפן די סכנה אין וועלכן דאָס פערד געפינט זיך אין דער צייט פונם יאָר. הערשל איז מיט אַ פאַרצווייפלטן אימפּעט, זיך אַ לאָז געטאָן צום בריקל, אַליין גענומען הירזשן פּונקט אַזוי ווי דאָס פערד, רופן אים. אָבער צו זיין גרויסן ווייטאָק, ווען ער איז אין דער קאַלטער פינצטערניש, פון דער דאָזיקער נאַכט, צוגעקומען צו דעם אָרט, פון וואַנען ס׳האָט זיך געהערט דאָס סאָפּן פון אַ שווערן געראַנגל, איז שוין דער אגער אין איינעם פון די זומפּן געווען טיף געזונקן.

די גאַנצע נאַכט האָט הערשל געאַרבעט און געשלעפּט דאָס פערד אויף אַרויס. די גליענדע ווילדע שוואַרצע אויגן פונם פערד האָבן מיט אַ בעטנדיקן אומעט זיך באַגעגנט מיט זיינע אויגן, וועלכע זענען פּונקט אַזוי ווילד געוואָרן. זיינע געשרייען נאָך הילף זענען אין דעם שאַרפן ווינט, ערגעץ ווייט פאַרלוירן געגאַנגען. אַן אָפּגעמאַטערטער איז ער געבליבן שטיין אינם זומפּ, האַלטנדיק

דעם פערדס האַלדז פעסט אין זיינע הענט.

צומאָרגנס האָבן די פּאַסטוכער טרייבנדיק די בהמות אויף פּאַשע, אַ האַלב טויטן הערשלן געפונען הענגען אויפן פאַרשטיקטן פערדס האַלדז. מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער איז ער געשטאָרבן, מיט די פיבערדיקע ווערטער אויף זיינע ליפּן: זיי וועלן צוריקקומען... זי מוז צוריקקומען... וווהין זענען זיי נעלם געוואָרן...

פון דעמלט אָן איז געוואָרן אַן איבערקערעניש אין בערלס שטוב. די שכנים פונם דאָרף זענען פאַרנאַכט נאָך דער אַרבעט געקומען זיי טרייסטן, און בעת מעשה דערציילט פון ענלעכע אַזעלכע טרעפעניש. „נו, יאָ", האָבן זיי געזאָגט, „איר ווייסט דאָך, אַז יעדעס יאָר מוז דאָס וואַסער און די זומפּן דערנעבן האָבן אַ קרבן, נו, איז היי יאָר אויסגעפאַלן דער גורל אויף אייך. עס טוט טאַקע וויי, אָבער וואָס קען מען טאָן, אויף גאָטס מעשים טאָר מען זיך נישט באַ־קלאָגן".

בערל מיטן וויב האָבן אויסגעהערט די טרייסט ווערטער און צוגעשאָקלט מיט די קעפּ. ער האָט נאָך אין דער שטיל, צוגעגעבן פאַר זיך דעם פּסוק, ה' נתן וה' לקח". נאָך דער שבעה האָט ער זיך גענומען צו דער אַרבעט, ר'איז געווען זיכער אַז ער איז שוין זיינס איבערגעקומען, ר'האָט דאָך שוין אָפּגעגעבן זיין קרבן, און זיך אָנגעהויבן ביסלעכווייז צו באַרואיקן. ס'איז אָבער אַן אַלטע באַקאַנט זאַך: אַ צרה, אַז זי קומט — קומט זי נישט איינע אַליין, אלא פּעק־לעכווייז.

עס איז שוין געווען אַ שטיק אין אלול אַריין, ווען בערל האָט איינמאָל, אין אַ פרימאָרגן געקראָגן אַ פּאַפּיר, אַז ער מיט וויב און קינדער מוזן פאַרלאָזן דאָס דאָרף. אים געגעבן אייניקע טעג צו דערליידיקן אַלע זיינע ענינים. בערל האָט פלוצים דערפילט די גאַנצע ביטערקייט, וואָס ס'האָט זיך אין פאַרלויף פון דעם יאָר אין זיין האַרץ אָנגעקליבן. די גאַנצע שרעק פון זיין איצטיקער לאַגע איז אים מיט איינמאָל קלאָר געוואָרן, און זיך געפרעגט וווהין? מיט טרערן אין די אויגן, געוואָרפן אַ בליק אין יעדן ווינקל פון זיין שטיבל, ווו ער האָט אַלע זיינע יאָרן געוווינט.

דער סאָלטיס, וועלכער איז געשטאַנען ביים פאַרקויף פון בערלס לעצטע בהימה, האָט אונטערגעשמייכלט, געזאָגט מבינות, אַנטציקט זיך עלהיי אַ ספּעקטאַקל!... עפּעס גאָרנישט דער זעלביקער וואָס אַמאָל, בשעת ער פלעגט לויבן מרימס געפילטע פיש, פאַרזיכערנדיק זיי, אַז ביי אים אין דאָרף וועט מען קיין מאָל קיין ייד נישט אַרויסטרייבן, אַ פּשיטה אים בערעקן.

אַ מידער, אַ צעקנייטשטער, פון די לעצטע איבערלעבונגען, האָט בערל צוגעפירט צום וואָגן זיין אַלטן פערד, דעם ווייסן שימל, וועלכן ער האָט גאַנץ ווייניק אין די לעצטע צייט באַנוצט. בערל האָט אים אַ לייכט שמיצל געגעבן: אָט אַזוי איז דאָס ברודערל, ווי קרעציקע אַרויסגעטריבן, מיך, דיך און אונז

אַלעמען, די צעבראָכענע... אָבער ניט דעם שטאַרקן אגער, הערשלען... שטיל אונטערברומענדיק דערבייַ די ווערטער מיט אַ טיפן זיפץ „מי לחים, ומי למות“... ער האָט זיך פאַרטראַכט, און צו זיך געזאָגט: קיין שום זאַך אין דער וועלט, פּירט זיך נישט סתם אַזוי, ווער קען פאַרשטיין גאָטס דרכים.

בערל האָט ווידער אַ שמיצל געגעבן דעם שימל, דאָס פערד האָט אַ שטאַרקן צי געגעבן דעם געפּאַקטן וואָגן, אונטערשטופּנדיק דעם שווערן וואָגן, האָט בערל געוואָרפן אַ שטאָלצן, אָבער פאַראַכטנדיק בליק אויפן סאלטיס, וועלכער האָט נאָך אַלע זיינע הבטחות צו אים, דאָך נישט געהאַלטן וואָרט.

צוויי זענען געווען אינם שטעטל „ר״, וועלכע האָבן זיך עפּעס נישט אַריינגעפּאַסט אין דער רואיקער אַטמאָספערע וואָס אַרום.

לייזער צלם־קאָפּ און יענקל בעל־עגלה.

יענקל אַ קליין נידריק יידל, מיט אַ געדיכט שוואַרץ פאַרפּלאָנטערט קאָזע בערדל, איין אויג אַ בלינדס, האָט אַביסל אונטערגעהינקט. אינם שטעטל האָט מען אים גערופן דער לאָמער. ער איז שוין געווען אַ ייד אין די יאָרן און אלץ אין אים איז געווען עפּעס אַזוי שפּיציק און שאַרף, אַז ס׳האָט געמאכט דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט תמיד געווען בייז און אויפגערעגט. שטארק ליב געהאט דעם ביטערן טראָפּן ; אַז ער האָט אַ שפּאָר ביסל אויסגעטרונקן פון די שטאַר־קע משקה, פלעגט ווערן מוראדיק אין כעס און זיין אָנגעזאָמעלטן צאָרן אויס־גיסן אויף די בעלי־בתים און קרעמער פאר זיין שווער פינסטערן לעבן.

גאָר אַן אַנדערער איז געווען לייזער, אַ בחור אַ ברען, אַ טאַטנס קינד. דער עולם האָט אויף אים געוואָרפן אַן אומחן, מחמת דעם, וואָס ער האָט תמיד געהאַט סודות מיט דעם יונגוואָרג, און זיי געגעבן עפּעס ביכלעך, וואָס די יידן אינם שטעטל האָבן זיך פאר זיי געשראָקן. ער איז געווען אַ גרויסער צו־להכעיס־ניק, געטאָן וואָס ער האָט געוואָלט. און געוואָלט האָט זיך אים תמיד משונהדיקע ווילדע זאַכן, עפּעס גאָר נישט געראָטן אין זיין פאָטער ישעיה־העשל, אַ שטי־לער, פרומער ייד, וועלכער האָט נישט געטשעפּעט קיין פליג אויף דער וואַנט. אַלע אינם שטעטל האָבן זיך געחידושט, אַז פון אַט דעם שטילן ייד איז אַרויס־געוואַקסן אַזאַ זונדל.

חוה־לאה לייזערס מוטער, אַ הויכע יידענע, מיט אַ קרומלעכער נאָז אויף איר לענגלעך ביינערדיק פּנים, אַביסל אַן איינגעהויקערטע פּלייצע פון צופיל קינדלען, האָט אים געקרוינט מיט דעם צונאָמען — צלם־קאָפּ, צוליב דעם, וואָס זי האָט אים, ווען ר׳איז געווען נאָך גאָר יונג, איינמאָל שבת, באַלד נאָכן פליישיקן טשאָלענט, געכאַפּט בשעת ער האָט איינגעביסן אינם טרוקענעם האַלב פאַרגעלטן שפּיץ פון אַ גרויסן פעטן קעז, וואָס איז געלעגן אין קיך צום טריקענען. פון דעמאָלט אָן האָט ער אין שטוב געקראָגן אַ סך צונעמען, ווי שמדניק, זולל־וסובא, כל־בו׳ניק, צלם־קאָפּ, נעמען וואָס האָבן אים פאַרשאַפט אַ סך צרות, ספּעציעל מצד זיינע חברים. זיין ריכטיקן נאָמען האָט קיינער ניט געברויכט צו וויסן, אַז מען האָט נאָר געזאָגט צלם־קאָפּ, האָט מען שוין גע־ווסט ווער מען מיינט.

דאָס שטעטל, ווו יענקל און לייזער האָבן פאַרברייגט זייערע יוגנט יאָרן, איז געווען אַ קליינס, אַן אָרעמס, אריינגעקוועטשט אין אַ

באַרגיקער געגענט, אַזוי אַז ס׳האָט געמאכט דעם איינדרוק ווי ס׳וואָלט זיך פאר עפּעס בייזעס באהאלטן. אָפּגעלייגט אין אַ זייט איז פון כמה יאָרן שטיין געבליבן אַ הויכער דיקער טורם, פון אַן אַלטן צעשאָסענעם ריטער שלאָס, וואָס איז מיט די פילע פאַרבאָרגענע ערטער געווען אַ צוזאַמנטרעף פאַר לייזערן מיטן יונגן עולם.

יאָר איין, יאָר אויס, שטייט דער טורם און ווי אַ סימבאָל פון אַמאָליקע גלאָריע, גלאָצט מיט זיינע פינצטערע לעכער און האַלב אַראָפּגעשאָסענעם שפּיץ אויפן שטעטל, מיטן שמאָלן טייך, וואָס קרייזט עס זינט יאָרהונדערטער אַרום; קוקט ווי עפּעס אַן אָנזאָגער פון שלעכטע בשורות אויפן קיילעכדיקן מאַרק, מיט די קלייטן און באַריידעוודיקע ווייבער, וועלכע זיצן אין די ווינטער טעג, פאַרקויפן פאַרפרוירענע עפּעל, זומער מיט אָפּענע צעכראַסטעטע בלוזעס, מחמת די שווערע היצן; דערציילן איינער דער אַנדערער פון לאַנג פאַרגעסענע מעשיות און געבן זיך איבער סודות און אָנצוהערענישן, ווענן ווייבערישע זאַכן... די יונגערע ווייבלעך פון ערשט נישט לאַנג נאָך דער חתונה, וועלכע העלפן צו אין דער פּרנסה, רויטלען זיך בעת די צווידייטיקע שמועסן, זיצן מיט עפּעס אַן אַרבעט אויף דער שויס און שווייגן.

אַ גרויס אָרט האָט פאַרנומען אינם יידישן שטייגער לעבן, יענקל דער לאָמער, מיט זיין גרויסן תמיד שווער באַלאָדענעם וואָגן און זיינע הויכע צוויי קאָרע פערד, וועלכע זענען פאַר יאָרן לאַנג געווען דער לעבנס נערוו פונם שטעטל. זומער ווי ווינטער, יעדן מאָנטאָג און מיטוואָך, געשטאַנען נישט ווייט פונם פוילישן קלויסטער, וואַרטנדיק אויף ר׳ גרונם, וועלכער פאָרט מיט אים יעדע וואָך אין די גרויסע שטאָט נאָך סחורה. אַ בכבודיק פּלאַץ אין שטעטל, האָט פאַרנומען יענקלס גרויסע לעדערנע קעשענע, וואָס איז געווען צוגעגנייט צו אַן אַלטע בעקעשע, אַ ירושה נאָך פון זיין זיידן ר׳ געצל. טיף אין דער קעשענע האָבן זיך צענויפגעמישט כמעט אַלע ענינים פון שטעטל. כל־ערליי בריף וועקסלען געצאָלטע און נישט געצאָלטע, בריף פון בית־המדרש בחורים צו זייערע כלות . . . קאַרטלעך פון באַזאָרגטע מוטערס צו זייערע טעכטער, מיט אָנגעמערקטע שטעלן, אַז למען השם . . . היטן זיך, היינטיקע צייטן, ווער ווייס וואָס ס׳קען טרעפן.

גאָר לעצטנס זענען אין דער לעדערנער קעשענע אַריינגעפאַלן מאָדנע נייע בריוולעך, וועלכ יענקל האָט נישט ווילנדיק מיט אַ גראָבן ברום אַריינגעוואָרפן, ווי איינער זאָגט: נו, שויך, פּטור. צו אַלעם דעם, פלעגט לייזער פון צייט צו צייט, מיט זיך מיטנעמען עפּעס אַ־שווער קעסטל, וועלכעס יענקל האָט מיט זיין פאַרהאַרטעוועטן בעל־עגלה׳אישן בליק, אונצופרידן און פאַרדעכטיק אויף דעם געקוקט. ער האָט אין אַזעלכע פאַלן, גענומען אַ פּאָר עקסטרע שלינג פונם ביטערן טראָפּן. שטאַרק פאַרצויגן אַרום זיין אַביסל פאַרשפּיצטן בויך מיט דעם ברייטן לעדערנעם פּאַסיק מיטן געלן שנאָל, דערביי מוראדיק זיך צעשרייען, אַז ער האָט אַ ווייב מיט קינדער און ס׳איז דאָס לעצטע מאָל, וואָס

ער לאָזט אים מיטפאָרן. טראַכטנדיק וועגן עפּעס... צו זיך געברומט: „מילא, פּרנסה — מלחמה!“

נאָך יעדע אַזאַ נסיעה האָט גרונם גומל געבענטשט. נאָך דעם, ווי תּמיד פֿאַמעלעך זיך אָוועקגעזעצט, אויסגעגלעט זיין ברייטע שוואַרצע באָרד, ווי עס פּאַסט פֿאַר אַזאַ שטייגער ייד, וועלכער האַנדלט מיט שניט סחורה. אין בית המדרש איז געוואָרן לעבעדיק, אַלע אַרום אים האָבן מיט נייגעריקייט אויף עפּעס געוואַרט. ר׳ גרונם האָט אַרויסגענומען זיין טאַבאַק שקעטעלע, עס אַוועקגעשטעלט אויפן טיש, אַליין אריינגעצויגן אַ שפּאָר ביסל טאַבאַק, פון וועלכע זיין פּעטע נאָז האָט זיך שטאַרק צענאָסן. זיך אַרומגעקוקט, אַזוי ווי איינער זאָגט: איך האָב צייט . . .

ערשט דאַן גענומען באריכות דערציילן פון זיינע רייזעס אין די גרויסע שטעט, דערביי זיך אַביסל פאַרטראַכט: „איי, איי“ — האָט ער מיט אַ בעל־הבתיש קרעכצעלע געזאָגט: „נישטאָ די צייטן פון אַמאָל, אַנשטאָט די אַלטע שיינע יידן, יידן מיט תורה און יראת שמים, זעט מען היינט בייכיקע פאַר־שוינען אָן אַ סימן פון אַ באָרד, מען ווייס אַפילו נישט צי זיי זענען יידן“. זיך אָנגעטרציילט גאַנצע פּעק, וועגן די גרויסע אויפטואונגען און אַלעמאָל נייע המצאות׳ן, וואָס ווערן אַריינגעפירט אין לעבן, ממש וווּנדער איבער וווּנדער. אין בית־המדרש, ווו אַלץ לייגט זיך אויף דער נשמה מיט אַ שווערן געמיט, גלייך עפּעס ווי מיט אַ כוונה צו מערן די ביטערע מחשבות, האָט דער עולם מיט האַרצקלאַפּעניש זיך צוגעהערט צו די אומהיימלעכע לעצטע נייעסן, וועגן יענע חברה, וואָס בונטעווען זיך און ווילן אַראָפּוואַרפן דעם קיסר. ועל־כולם פון די ערשטע פּרישע איבערפאַלן אויף די וועגן, וואָס האָט אויף די יידן פונם שטעטל אָנגעוואָרפן אַ פּחד. דערנאָך איז געגאַנגען אַ ברייטער שמועס, מכות שכר־ועונש, תּחית המתים, וועגן גוטע יידן און רבנים. די מחלוקות אינם שטעטל צוליב דעם נייעם רב, האָבן דעם עולם צעטיילט אין פאַרשידענע מיינונגען, אַזוי אָן אַ סדר, ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין.

בכלל האָט ר׳ גרונם געהאַט אַ שוואַכקייט פאַר „גומל־בענטשן“. איז אַ האָז אַריבערגעלאָפן ביינאַכט דעם וועג און יענקל דעם לאָמענס צוויי קאַרע פערד האָבן זיך פלוצים אָפּגעשטעלט האָט ער גומל געבענטש. פאַר יעדן קלענסטן מכשול, וואָס ס׳טרעפט און קען זיך טרעפן, האָט ער געזאָגט דאַרף אַ ייד גומל־בענטשן. תּמיד זיך ווענדן צו ר׳ שלום דיין, דעם בית־המדרש זיצער, אַ ייד אַ זקן און אַביסל טויבלעך: וואָס זאָגט איר, האַ? וועלכער האָט מיט אַלעם וואָס ער האָט געזאָגט מסכים געווען. אפילו ווען ר׳ גרונם האָט איינמאָל אין אַ שיינעם פרימאָרגן געברענגט פון אַ דערבייאיקן שטעטל זיין דריט ווייב, אַ הויכע בייזע יידינע מיט צוויי מיידלעך, האָט ער ווידעראַמאָל גומל געבענטשט. אין שטעטל האָט דער עולם, מיט בעל־הבתישן געלעכטער צווישן זיך געשמועסט, אַז פאָרנדיק דורכן וועלדל ביינאַכט, האָט זי פון עפּעס אויפגעציטערט. אָנכאַפּנדיק אים ביי דער האַנט, האָט זי מיט כעס

אים אַ שטויס אָפּ פון זיך געטאָן, אַז ער איז שיער נישט פון וואָגן אַרויסגע־פאַלן. ווען אַ פּאָר לצים האָבן אים געפרעגט. נו, ר׳ גרונם, איר האָט דאָך דאָס מאָל קיין מכשול נישט געהאַט, — האָט זיך אַ דין ציניש שמייכעלע אויף איין זייט פון זיין קײלעכדיק פּנים באַוויזן, ער האָט אויפגעהויבן זיינע דיק אָנגעוואַקסענע ברעמען און מיט די קעציש[ע] גרויע אויגן, יענעם טיף אָנגעקוקט, אַזוי ווי איינער זאָגט: עס האָט דאָך געקענט זיין . . .

אין די שטעטלעך אַרום האָט אָנגעהויבן שטאַרקער עפּעס זיך צו באַוועגן, יידן האָבן מיט מורא געקוקט אויף די שלעכטע נייעסן און אומרואיקער צייט, וואָס רוקט זיך אָן אויפן שטעטל, עפּעס ווי אַ שטראָף פון זיין ליבן נאָמען.

נאָך אַ זאָרג איז צוגעקומען, צו דעם אַזוי אויך שוין שווערן און טרויריקן לעבן, וועגן דער יוגנט, וואָס ווערט קאַליע. די הויפּט סיבה דערפון האָבן די ווייבער אין מאַרק צווישן זיך גערעדט איז לייזער צלם־קאָפּ. ס׳איז דען אַ וואונדער, האָט אַן עלטערע יידינע מיט אַן איינגעקנייטשט פּנים געזאָגט, אַז אַ יונג גייט אַרום פוסט און פּאַסט, האַלט רעדעס פאַר געזעלן און דינסט־מיידלעך, אַז ס׳זאָל קיין געלט אויף דער וועלט נישט זיין, קיין אָרים און רייך, לאַכט פון יענער וועלט און זאָגט, אַז דאָס לעבן איז נישט אַזאַ ווי עס באַ־דאַרף צו זיין. האָט איר געהערט, ער דער שמדניק וויל איבערמאַכן די וועלט! זיסל די שענקערע, אַ שווער באַלייבטע מיט אַ נישקשהדיקן גוידער, האָט ממש איינגעלייגט וועלטן, סטייטש אַלץ הפקר פּיעטרושקע, ווו זענען גוטע יידן? זיך געווענדעט צו די איבריקע ווייבער: איר הערט? מיינער זאָגט, אַז מען טאָר דעם צלם־קאָפּ אין קיין יידישער שטוב נישט אַריינלאָזן, ער קען נאָך ברענגען אויף אַלעמען אַן אומגליק.

אָבער נישט געקוקט, וואָס אינם שטעטל, האָט די יוגנט אַ רוק געטאָן זיך פאָראויס, איז דער לעבנס שטייגער אַלץ געבליבן, ווי פריער, אָן רעש, תמיד די זעלבע דאגות פּרנסה, וואָס איז איבערגעגאַנגען פון פאָטער צום זון פון דורות לאַנג. האָט ווען אַ ייד בין מנחה למעריב, זיך אָפּגעשטעלט קוקן אויף דער זון, וואָס זעצט זיך הינטער די אַלייען, שפּילנדיק זיך מיט די שפּיצן פון די ברייט פאַרצווייגטע קאָשטןביימער, טראַכטנדיק, „מה נאה אילן זה״, האָט ער זיך גלייך געכאַפּט, אַז „הרי זה מתחייב בנפשו״, אַז ער איז מקצר זיינע יאָרן. אַזוי האָט דאָס לעבן זיך געצויגן. דער יונגער דור איז אַלט געוואָרן, דער אַלטער דור איז געשטאָרבן אָן שום פאַרענדערונג.

* * *

לייזער איז פון זיין פריסטער יוגנט געווען אַן אומרואיקער, פאַר קיינעם קיין מורא ניט געהאַט, געפירט ווי תמיד זיין פאַרדעכטיקט קעסטל אין די גרויסע שטאָט. ר׳ גרונם האָט נאָך יעדע נסיעה, וואָס לייזער איז פונקט דע־מאָלט אויך געפאָרן, גומל געבענטש און יענקל דער לאָמער, האָט זיך געביי־זערט אַז ער האָט אַ ווייב מיט קינדער, געצויגן זיין ברייטן פּאַסיק מיטן געלן שנאָל און מיט זיין גראָב בעל־עגלה׳שן קול געברומט: פּרנסה, מלחמה . . .

ס'האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז לייזער צלם־קאָפּ זוכט תמיד עפּעס אַ שטי־פעריי, אַלעמען צו־להכעיס.

דער חשק צו פירן אַ ראָמאַנס האָט זיך ביי לייזערן דערוועקט, ווען ער איז נאָך נישט אַלט געווען קיין גאַנצע זעכצן יאָר. געשען איז עס אומגעריכט, איינמאָל אין אַ שבת פאַרנאַכט, בשעת די שטאָט מיידלעך גייען שפּאַצירן און מען פאַרבלאָנדזשעט צום לאַנגן יחיאל־נטע אינם קליינעם סעדל, וואָס איז געווען האַרט ביי דעם קליינעם פּאַרקל, וועלכעס מען האָט גערופן די אַלייען; טאַקע אין דעם סעדל האָט לייזער צופעליק באַגעגענט אסתרן, דאָס עלטסטע מיידל פון ר' גרונם'ס דריטע ווייב. זי איז געווען אַ מיידל כמעט אין זיין על־טער, אַ הויכע מיט בלויע פאַרחלומטע אויגן. איר שלאַנקע פיגור לייכט און פריש, מיט אַ קרוין פון ווייכע סאַמעטענע שוואַרצע האָר, אויף איר קאָפּ. אַז זי האָט זיך פון עפּעס צולאַכט, האָט אין דעם געשטעקט, דער חשק פון אַ יונג מיידל, וואָס הייבט אָן רייף צו ווערן. ביי לייזערן אונטער דער ברוסט האָט עפּעס אַ ציטער געטאָן.

יענע נאַכט האָט ער נישט צוגעמאַכט קיין אויג. אַ קול האָט כסדר געע־הילכט אין זיין האַרץ: אסתר . . . ווי נאַריש דאָס איז אַלעס — האָט ער גע־טראַכט, קוקנדיק אויף די פענסטער, וועלכע זענען געווען באַדעקט מיט אַ שטיק פינסטערניש. ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז ס'איז נישט געווען רעכט פון אים, איר באַלד צו דערקלערן, וועגן גאָט און מענטש, וועגן די סאָציאַלע אונ־גערעכטיקייטן, און אַז די ערד דרייט זיך אַרום דער זון. אמת אַז אַלץ מוז גע־טאָן ווערן פאַר דער הייליקער זאַך, פאַר דעם גרויסן טאָג, וואָס דאַרף אָט, אָט קומען. דער טאָג פון דער מענטשלעכער באַפרייאונג. זיך אַליין פאַרוואַרפן, ווי לייכטזיניק ער איז, אַז בעת ער האָט איר דאָס אַלץ דערקלערט, האָבן זיינע געדאַנקען גאָר פון עפּעס אַנדערש געטראַכט... נישט בחינם האָט זיין צונג די גאַנצע צייט זיך געפּלאָנטערט און נישט געוווסט, ווען אויפצוהערן. ער האָט זיך אָבער געטרייסט, וואָס אסתר האָט מיט אים אַזוי פיל געשמועסט און מיט אַ ליבלעכן שמייכל אים אָנגערופן נאַרעלע.

אַ שטאַרקער פאַרלאַנג האָט לייזערן געמאַטערט, זיך מיט אימיצן צו טיילן, זיינע אַזוי קורצע איבערלעבונגען. אָט איז דיר אַן אינטערעסאַנטע באַ־געגעניש מיט אַ מיידל, האָט ער צו זיך געזאָגט און שוין איז צוגעקומען אַ נייער פאַרלאַנג. אַ פאַרלאַנג, וואָס איז איינמאָל אין אַ פאַנטאַסטישן זומער פאַרנאַכט פלוצים געבוירן געוואָרן; עפּעס אַזוי ווי אַ ווילדע פלאַנץ, וואָס איז נעכטן נישט געווען און שפּעטער צו, זיך צעבליט. פאַר די חברים וועט ער דאָך נישט דערציילן, אַז ער האָט זיך פון דעם ערשטן אויגענבליק פאַר־ליבט, ווען די פאַרטיי אַרבעט פאַר דער הייליקער זאַך איז אין פולן ברען. אויסער די חברים איז נישט געווען מיט וועמען צו ריידן.

לייזער און אסתר האָבן מיט דער צייט זיך כמעט ווי איינגעלעבט אין זייער נייער ראָל, שפּעט אין די אָוונטן פלעגן זיי זיך טרעפן אויף זייערע באַ־

ליבטע פּלעצער, אַמאָל אונטערן אַלטן צעשאָסענעם ריטער שלאָס, אַמאָל ביי די מיל, אָבער תּמיד אויף דעם בערגל און די צווייטע אַלייע ביים טייך. לייזער האָט אין די אָוונטן געפילט, אַז אַ קוואַל פון עפּעס הייסעס און ליבעס, עפּענט זיך ביי אים אין האַרצן. אַז זיין נשמה ווערט פאַרשיכורט פון עפּעס אַ שיינעם און זיסן חלום. טוליענדיק זיך איינער צום צווייטן און שווייגענדע קוקן אין דער ווייטער פינסטערניש . . . זיך איינהערן אין דעם אייביקן סודות׳דיקן אומרו פון טייך.

אין דער היים האָט מען אָנגעהויבן צו באַמערקן אַז אסתּר, ווערט ערגיץ נעלם אויף גאַנצע שעה׳ן, מיינסטנס אין די אָוונטן, מען האָט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, מיט וואָס דאָס שמעקט. אַ קליינינקייט לייזער צלם־קאָפּ, וואָס חברט זיך מיט שקצים און איז מיט זיי אויסגעקאָכט, ווי מיט ברידער. ווער ווייס, וואָס ס׳קען געשען? ווען אסתּר איז איינמאָל אַהיימגעקומען פון אַזאַ שפּאַציר, האָט איר מוטער, גלאָט אַזוי אַ פרעג געטאָן, ווו זי איז געווען, נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, האָט זי מיט כּעס אויסגעשאָסן: „וואָס איז דאָס פאַר אַן אַרומשלעפּעניש שפּעט אין דער נאַכט, מיט דעם כּל־בו׳ניק, מען ווייט דאָך אים אין סיביר פאַרשיקן דעם צלם־קאָפּ, ווי קומסט דו צו אים?“ און זיך צעשריגן: „זע נאָר, זע, זי ווייסט פון גאָרנישט צו זאָגן, נאָך דאָס פעלט מיר צו אַלע צרות. אַלע אין שטעטל טייטלען אויף מיר מיט די פינגער, און זי ווייסט פון גאָרנישט, שיין נחת דערלעבט. אסתּר, איך זאָג דיר אָן פון אַזוינע זאַכן קומט קיין גוטס נישט אַרויס“ . . .

אסתּרן זענען די פאַרבן געקומען אין פּנים, עפּעס ווי מען וואָלט איר כאַפּן אויפן אָרט אין אַ גנבה. נאָך אַ סך טענות און געשרייען, האָט זי צוגעשטימט אויף אַ שטיקל צייט אַוועקצופאָרן פון שטעטל. אַ כיטרע שמייכעלע האָט זיך געלייגט ביי די ווינקלען פון איר מוטערס מויל, בעת זי האָט געטראַכט פון דעם אַלטן אויסגעפּרוווטן מיטל, דורך דער צייט צו קריגן עפּעס אַ לייטישן שדוך און חתונה מאַכן: ווי זאָגט מען, חתונה געהאַט, מוז מען מיטן מאַן לעבן, דאָס וואָס די אויגן זעען נישט, טוט דאָס האַרץ נישט וויי. נאָר וואָס ווייטער אַוועק פונם שטעטל, פונם צלם־קאָפּ, אַלץ בעסער, האָט זי אַרויסגייענדיק פון אסתּרס צימער, שטיל צו זיך געזאָגט.

די דאָזיקע ווערטער פון איר מוטער, האָט אסתּרן פּלוצים אויפגעבראַכט, ס׳האָט זיך איר אויסגעוויזן שרעקלעך, דערנידעריגענד, אומרייך. אַ קאַלטער שוידער איז אַדורך איר לייב. זי האָט צוגעדריקט איר הייס פאַרפלאַמט פּנים צום פענסטער. אויף דער גאַס איז געווען פינסטער און שטיל, די לבנה, איז עפּעס ווי צולהכעיס אַפּויער פון אַ שטיק פינסטערניש און זיך געשטעלט הינטערן קלויסטער. ס׳האָט זיך איר געדוכט אַז אַ מענטשלעכע פיגור איז פון ערגעץ אַרויסגעטראָטן, עפּעס געזאָגט און פאַרשוווּנדן טיף צווישן די געדיכטעביימער פון די אַלייען. אין דער רגע זיינען אין איר מחשבה אַדורך די אַלע אָוונטן, אַלע אינטערעסאַנטע שמועסן, וועגן דעם גרויסן טאָג, וואָס דאַרף

קומען. אסתר האָט בײַ זיך באַשלאָסן צו פאָרן אין די גרויסע שטאָט לאָדזש, אַרײַנטרעטן אין דער פּאַרטײַ און צוזאַם מיט לײזערן אַרבעטן פאַר דער הייליקער זאַך.

אַ לאַנגע צײַט נאָכדעם האָט לײזער אסתרן נישט געזען. עס איז געגאַנגען אַ טאָג נאָך אַ טאָג, אַ וואָך נאָך אַ וואָך. ער האָט נישט געקענט באַגרײַפן פאַר וואָס לאָזט זי פון זיך גאָרנישט הערן, אַ מיאומדיקע אײַנזאַמקייט האָט אַרומגענומען זײַן נשמה, פאַרצווייפלט און טרויריק פלעגט ער יעדן אָוונט זיך אַוועקלאָזן ערגעץ אויסער דער שטאָט, ביז שפּעט אין דער שטומער נאַכט. וווהין? נאָך וואָס? האָט ער אַליין נישט געוווּסט און בײַ זיך נישט געפרעגט. ער האָט דערפילט אַז דאָס גאַנצע ביז איצט באַשאַפנדע אין זײַן מוח און האַרץ פאַלט אײַן, ווערט חרוב. אַ שווערע און שטאַרקע מלחמה, איז אים אויסגעקומען צו האַלטן מיט זיך. צו פאַרטרײַבן די בײזע און קאַלטע מחשבות, האָט לײזער מיט זײַן גאַנצער קראַפט און ענערגיע אַרײַנגעוואָרפן זיך אין דער באַפרײַאונגס באַוועגונג, וועלכע האָט דעמאָלט אַרומגעכאַפּט אַלע יונגע מוחות.

און דאַן ווען ער האָט שוין געפילט זיך פרײַ און פאַרגעסן אָן אסתרן האָט ער איינמאָל אין אַ שיינעם זומער פאַרנאַכט, ווען עס ראַנגלען זיך אַזוי ווייך און ליב די שאָטנס מיטן ליכט פון טאָג, צופעליק זי ווידער באַגעגנט. דאָס איז געווען אין חודש אַפּריל, 1905, דער טאָג איז געווען אַ הייסער, די זון האָט פון באַגינען זיך איבערן שטעטל אויסגעלייגט און געשפּריצט מיט פײַער. די צוויי קאַרע פערד פון יענקל דעם לאָמער, וועלכע זענען געשטאַנען אין עק מאַרק מיט האַלב לײדיקע טאָרבעס אויף זייערע שווערע דרימלענדע קעפּ, האָבן אומרואיקע מיט די געדיכטע האָריקע ווײדלען געטריבן די שוואַרצע פּעטע פליגן, וואָס האָבן זיך דוקא געזעצט אויף זייערע ברייטע פון זון צעגליטע רוקנס און זיי געקיצלט.

דער גרויסער וואָגן פאַרנאַכט צו איז שוין געווען געלאָדן הויך אַזוי ווי אַ פּיראַמידע, בײַ די זײַטן זענען געווען צוגעבונדן קאַסטנס מיט אייער, הינער, גענז און קאַטשקעס, וועלכע האָבן אַלעמאָל אַרויסגעשטעלט אַ האַלב קעפּל מיט אַן אייגל דורך די שפּאַלטן פון די אָפּגערוקטע ברעטלעך פון די קאַסטנס. די קולות פון די עופות און דאָס געדערעדרײַ פון די באַזעצטע ווײבער, האָבן זיך צענויפגעמישט אין אַ רעש פון קולות, אַזוי ווי זיי וואָלטן אַלע אויסגעשריגן איין גרויסע קללה, אויף זייער פינסטערן מזל. ערשט פאַרנאַכט צו איז געקומען לײזער מיט זײַן פון אַלעמען פאַרהאַסטן קעסטל, וועלכעס יענקל האָט אַרײַנגעקוועטשט צווישן די זיצנדיקע ווײבער, זיך געבײזערט, געצויגן דעם ברייטן פּאַסיק מיטן געלן שנאָל און געבורמט מיט זײַן פאַרהאַרטעוועטן בעל־עגלה׳שן קול: פּרנסה — מלחמה . . .

אין דער זעלבער צײַט איז פון ערגעץ אַ פּאַרסאָפּעטע פון אַ שווערן קאַמף מיט זיך אָנגעלאָפן אסתר. ס׳האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק, ווי עפּעס אַן אָפּגעמאַכטער פּלאַן איז פאַראַן צווישן יענקלען און איר... און אויסנוצנדיק די

געלעגנהייט, ווען איר מוטער און ר׳ גרונם זענען פונקט ניט געווען אינם שטעטל, פאַרווירקלעכן דעם פּלאַן, צו פאָרן אין דער גרויסער שטאָט... דער גרויסער באַלאַדענער וואָגן האָט בשעת רירן זיך אַ שווערן סקריפּ געטאָן און ווי נאָר זיי זענען אַריבער די לויוויטשער בריק, טיף אַריינגעשניטן זיך אינם זאַמדיקן שליאַך. דער יונגערער עולם איז אַרונטער פונם וואָגן כדי צו מאַכן לייכטער פאַר די פערד, וועלכע האָבן זיך אַלעמאָל אָפּגעשטעלט.

אין מערב האָט דער הימל אָנגעהויבן אויף זיך אָנציען דעם גלאַנץ פון אַ פּראַכטיקן זונען אונטערגאַנג. גייענדיק איצט מיט אסתרן איז זיין נשמה געוועז איבערפולט מיט פרייד, פון אירע דערקלערונגען אַז זי האָט אים נישט פאַרגעסן און דאָס פאָרט זי איצט צו אירס אַ פריינדין אַ זאָקן־מאַכערין, ווו זי וועט זיך אויסלערנען אַ פאַך און דאַן... זי האָט זיך וועגן עפּעס פאַרטראַכט. געקוקט אויף דעם לאַנגן זאַמדיקן וועג, וואָס האָט זיך געהילט אין אַ האַלב טונקלנעם בלויען הימל. די גאַנצע צייט האָט לייזער געפּיבערט, פלאַמען האָבן זיך געצונדן אין זיינע באַקן, האַלטנדיק איר האַנט אין זיינער האָט ער געפילט אַ וואַרעמקייט, וואָס האָט אים שטאַרק געררייצט. זיינע געדאַנקען האָבן זיך אָנגעהויבן מישן, ס׳האָט זיך אים געדוכט אַז אָט, אָט, וועט עפּעס געשען. אָבער פלוצלינג זענען זיינע איצטיקע האָפנונגען אויסגעלאָשן געוואָרן, ווען די פערד זענען אַרויף אויפן שאָסיי און היימלעך אַוועקגאַלאָפּירט.

אָפּפאָרנדיק אַ שטיקל צייט, אָנקומענדיק נענטער צו דער שטאָט לאָדזש, איז געשען דאָס, וואָס יענקל דער לאָמער האָט זיך תמיד געשראָקן: פאַר דער רעוויזיע. לייזער האָט אויף גיך עפּעס געזאָגט אסתרן, אַז למען־השם דאָס קעסטל. עס איז געוואָרן אַ טומל צווישן די ווייבער, בלויז אסתר האָט זיך נישט פאַרלוירן, זי האָט מיט איר ברייט געפאַלדעוועט קלייד זיך דאַרויף געזעצט און עס איבערגעדעקט. די פּאָליציי האָט אַ נישטער געטאָן צווישן די ווייבער. אסתר האָט שעלמיש אַ קוויטש געטון... אַ שמייכעלע האָט זיך באַוויזן אויף אירע בלויע גלוסטיקע אויגן, אַז, ווי איינער זאָגט: נישטאָ וואָס צו זוכן...

יענקל האָט געקראָגן זיין חלק קלעפּ, אַז ער זאָל געדענקען נישט צו פירן מער קיין בונטאָווטשיקעס. אַ צעבלוטיקטן האָבן זיי לייזערן מיט זיך גענומען. ער האָט זיך אָן עפּעס דערמאָנט און זיך אַ ריס געטאָן און געוואָלט געבן אַ שפּרונג צו אסתרן, נאָר אין דער רגע איז אים אַרויף אויפן רעיון דאָס קעסטל, ער איז פלוצלינג שטיין געבליבן ווי פאַרגליווערט. לייזער אויסנוצנדיק דעם טומל, האָט הויך אַרויסגערעדט עפּעס אַ פּאָר נישט פאַרשטענדיקע ווערטער און אסתר האָט אינסטינקטיוו דערפילט ווהין לייזער צילט.

קראַנק און צובראָכן איז יענקל פון די דאָזיקע געשעעניש אַהיימגעקומען. אסתר איז מיט אַ שטיקל צייט שפּעטער געקומען צוריק אינם שטעטל. מען זאָגט אַז זי האָט חתונה געהאַט. דאָס קעסטל איז אָנגעקומען דאָרט, ווו מען האָט מיט אומגעדולד אויף דעם געוואַרט. נאָר לייזער צלם־קאָפּ איז אינם שטעטל שוין מער נישט צוריקגעקומען.

אין איינעם פון די לעצטע טעג פונם ח ו ד ש ת מ ו ז . . . די זון האָט אונרחמנותדיק געגאָסן פ י י ע ר אויף דער גרויסער וועלט־שטאָט לאָנדאָן. טויזנטער פענסטער זענען געשטאַנען אָפן און פון די האַלב פאַרחלשטע שטובן האָבן מידע קעפּ געבעטן אַ ביסל לופט. פון די מיט זון אָנגעפּלאָקערטע ווענט האָט געשפּריצט אַ מוראַדיקע היץ אויף די גאַסן און אויסגעשטראַלט אַ שטיקנדע וואַרעמקייט, וואָס ס'האָט געמאַכט שווער דעם טראָט אויף די הייסע שטיינערנע אַספאַלט טראָטואַרן, אָפּגעלאָזט און שווער גייען די מענטשן און ווישן פונם פּנים דעם שווייס ברומענדיק: אוי ווי הייס, אַזוי הייס! שטויב... רעש... און שווייסיקע מענטש־לייבער האָבן זיך צוזאַמענגע־מישט אין דעם געדראַנג פון פערד, אויטאָמאָבילן, וואָס האָבן זיך טעמפּ באַ־וועגט אין דער ברענענדיקע שווערער היץ...

אין אַזאַ הייסן זונטאָג איז משה קליגערמאַן, דער שפּעטער געוואָרענער מאָריס ווייזמאַן, געקומען אין דער ריזיקער גרויסער שטאָט. ער איז געווען אַ יונגערמאַן פון עטלעכע צוואַנציק יאָר, קליין געוויקסיק, מיט קרומע לויפנדיקע אויגן, וואָס מען האָט קיינמאָל נישט געוווּסט אויף וועמען זיי קוקן און זענען תמיד געווען פאַרנעפּלט, אַזוי ווי אַ ווייסע פאַרע וואָלט זיי איבערגעצויגן, מחמת דעם פלעגט ער אַלעמאָל רייניקן די גלעזלעך פון זיינע ברילן ווי זיך צו באַפרייען פון עפּעס נישט קיין אַנגענעמע זאַך.

אויפן וואָקזאַל איז ער אַ ווײַלע געבליבן שטיין ווי באַטויבט פון די אָפּ־גייענדיקע און אַלעמאָל אָנקומענדיקע פּאַסאַזשיר צוגן, וואָס האָבן אַריינגעוואָ־מען, דערנאָך אויסגעשפּיגן גאַנצע וואַגאָנעס מענטשן, זיך לאָזנדיק מיט אַ שנעלן אימפּעט ערגעץ אַוועק. קליגערמאַן האָט זיך אַרומגעקוקט אַזוי ווי זוכנ־דיק עמיצן, דערביי געקלערט אפשר וועט ער דערזען וועמען פון די היימישע און באַקאַנטע. כאָטש ער האָט געוווּסט, אַז דאָס איז נאָר אַן אומזיסטער ווונטש, וואָס האָט זיך צופעליק אַריינגעכאַפּט אין זיין געדאַנק... פאַרטיפט אין זיינע רעיונות האָט ער געשפּרייזט צווישן בערגער פון קאָסטנס און טשעמאָדאַנעס פון כל המינים, זוכנדיק זיין באַגאַזש, און איז אייניקע מאָל שיעור געוואָרן אומגע־וואָרפן. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דאָ איז דער קאָכעדיקסטער און לע־בעדיקסטער פונקט פון דער גרויסער שטאָט. און טאַקע פאַרוואָס זאָל ער נישט געפינען דאָ אַ באַקאַנטן צווישן אַזויפיל דורכלויפנדע מענטשן. ער איז געבליבן שטיין מיט דעם געדאַנק ווי פאַרגליווערט אין אַ ים פון געפּעק, און פלוצים דערפילט, אַז ר'איז אַריינגעפאַלן אין דעם גרעסטן רעש פון דער וועלט; עס

האָט אויף אים אַ בלאָז געטאָן מיט טרויער, און דערשפּירט דעם ווײ פון נע־ונד׳קייט, אַז ס׳איז אים אַזש באַפאַלן אַ פּחד פאַר דער גרויסער שטאָט.

אַ נײ רוישיק לעבן האָט זיך פאַר זײנע אויגן געעפנט און אַ נײע וועלט. אַ וועלט וואָס ער האָט פון איר קיין אַנונג נישט געהאַט. דאָס האָט אים אַזוי באַרוישט, אַז ווען ער איז נאָך פיל מאַטערניש און שטופּעניש אַרײן אין אַ דראָשקע מיט זײן קלײן וואַליזקעלע האָט ער נאָך אַלץ געהאַלטן אין זײן האַנט אויסגעשטרעקט דאָס שטיקל פּאַפּיר מיט די אָנגעשריבענע אַדרעס צו זײנעם אַ קרוב. אַזוי איז ער געבליבן זיצן אָנגעלענט אויף די רעם פון טירל, און דורך זײנע האַלב־פאַרמאַכטע אויגן דערזען די רחבותדיקע לאָנקעס פון זײן פאַר־לאָזטער היים, וואָס האָבן זיך ווײט געשפּרייט. דאָס הײזל ווו ער איז דערצויגן געוואָרן, האָט בײ אים איצט אויסגעזען ווי אַ שוואַרצער פלעק, נעבן דעם דער־בײיאיקן טײכל, וואָס ציט זיך ווי אַ טונקל־גרינער פּאַס, שטיל און פויל, דורך די ברײטע לאָנקעס ערגעץ אַוועק. ס׳האָט אים געוווּנדערט וואָס ער האָט דאָס קיינמאָל נישט באַמערקט. אַ טיפע בענקשאַפט האָט אים אַרומגענומען נאָך זאַכן, וואָס ער האָט שוין לאַנג פאַרגעסן און איצט איז אים אַ שאָד וואָס ר׳האָט זיך פון זײ געשײדט. פאַר זײנע אויגן האָבן גענומען שווינדלען די לאַנגע גאַסן, וואָס האָבן זיך קרום געדרײט און פאַרלוירן געגאַנגען אין אומבאַקאַנטע ווײט־קײטן... אין זײנע אויגן האָט געזשומעט פונם טומל און דער מענטשן געלוי־פעריי פון אײן טראָטואַר צום אַנדערן. ס׳האָט אויסגעזען, אַז אָט־אָט לויפן די פערד און וועגענער אויף זײ אַרויף. נישט קיין הימלעכע געדאַנקען האָבן זיך געפּלאָנטערט אין זײן מחשבה, ווען די דראָשקע האָט זיך אָפּגעשטעלט אין אַ קלײן שמאָל געסל וואָס האָט ווײט נישט געמאַכט קיין גוטן אײנדרוק, כאָטש ס׳איז געווען אַזאַ שײנער טאָג...

דאָס געסל „סאַנט ענס קוירט״, ווו זײן קרוב האָט געוווינט, איז ניט ווײט פון בראָד סטריט, בערוויק סטריט, די דאַמאָלטדיקע געדיכט באַוווינטע געגנט אין די וועסט. דאָ האָט מען געקענט טרעפן לאַנדסלײט, באַגעגענען אַ הימיש מײדל. קריגן אַרבעט. עס האָט זיך בײ די יונגע מענטשן, די גרינע ווי מען האָט זײ גערופן, שטאַרק געמערקט דער דראַנג צו ווערן אַ לײט, וואָס איז באַ־שטאַנען פון אַרבעטן איבער די כוחות און שטעלן אויף פערדלעך... רײסעס... אין דער וועסט ענד איז געווען אַ יידישער שנײדער פאַראײן... טרײד יוניאָן... אויך אַ יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט תמיד גע־פירט היציקע דיסקוסיעס מיט דער אַנאַרכיסטישער גרופּע...

אײנמאָל אין אַ אָוונט בעת אַ פאָרטראַג אינם פאַראײן איבער די פּערזענ־לעכקײט פון שעקספּיר און זײן שאַפן האָט מאָריס ווײזמאַן אויפגעכאַפּט די ווערטער: „טו בי אָר נאָט טו בי״ — זײן אָדער נישט זײן... דער באַטײט פון די ווערטער האָט אים קײן מנוחה נישט געגעבן און געמאַכט אומגעדולדיק. ס׳טרעפט אַמאָל, אַז אײן קלײנער שטויס פון עפּעס אינם מענטשנס לעבן ענ־

דערט זיין גאַנצע ריכטונג אין לעבן. די ווערטער האָבן אים געגעבן דעם שטויס צו זיין ציל...

אויף דעם זעלבן אָוונט האָט מאָריס ווייזמאַן צופעליק זיך באַקענט מיט אַ יונג מיידל און זיך פאַרליבט. גערופן האָט מען זי קלאַראַ די שטיפערקע, מחמת דעם וואָס אַ סך יונגע לייט האָבן תמיד אַרום איר זיך געקליבן. זי איז אַלט געווען אַ יאָר צוואַנציק, אויך פון קליינעם וווקס, אַ פּעמקעוואַטע, און צוליב די אָוונטן געטראָגן אַ זיידן געבלימט קליידל, וואָס האָט פון איר טענצלדיקן גיין זיך געוויקלט אַרום איר קיילעכדיקער פיגור; אַ ראָז קאָלירט בלוזקעלע מיט די גאָלדענע קנעפּעלעך האָבן שיין געפּאַסט צו איר שטאַרקע און פולע ברוסט... אירע שטענדיק לאַכנדיקע אויגן זיינען געווען ווי פאַר־שיכורט פון פריילעכקייט, פון שטיפעריי, זיי האָבן געפלאַמט געגריסט און טיף אין זיין נשמה זיך אָנגעהאנגען. ווייכע סאַמעטענע שוואַרצע האָר געפלאָכטן אין צוויי לאַנגע צעפּ מיט אַ רויט סטענגעלע אַרומגענומען, אַז עפּעס אַ באַזונ־דערע צאַרטקייט איז געווען אויף איר אויסגעגאָסן. זיינע געדאַנקען זיינען גע־ווען ווי צומישט פון איינגעקנעטענער תאוה, וואָס האָט זיך צופעליק אין זיין האַרץ אַריינגע׳גנב׳עט און געהאַלטן אים ווי מיט שטריק געבונדן. זיין לאַנגער חלום פון פאָרן קיין אַמעריקע איז ביי יעדער באַגעגעניש מיט דעם מיידל, אַזוי ווי אַ בערגל שניי פון אַ בריענדיקן זונענשטראַל אין וואַסער צערונען.

מאָריס ווייזמאַן פלעגט אַן אומרואיקער וואַרטן אויף די אָוונט שעה׳ן, ווען ער האָט מיט קלאַראַן שפּאַצירט אויף די רייכע שטאַרק באַלויכטענע גאַסן פון רידזשענט סטריט, פּיקאַדילי, און זיך אויסמישן מיט די יונגע מענטשן, וואָס זיינען געקומען צו פאַרברענגען אַן אינטענסיוון און פולען לעבן. ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז יעדעס האַרץ טראָגט מיט זיך אויף די גאַס עפּעס אַ סוד, און טראָגט ער דען נישט מיט זיך זיין סוד, וואָס מישט זיך אויס אין דעם ים פון אַזוי פיל שפּאַצירנדיקע מענטשן... ס׳איז אים געקומען אויפן רעיון, אַז אַלץ הענגט אָפּ אינעם מענטשנס רצון און ביי זיך באַשלאָסן, אַז ער מוז זיך דער־שלאָגן צו אַ תכלית, „זיין אָדער נישט זיין‟. ער האָט מיט אַן אימפּעט פון אויפ־ברויזנדיקער ענערגיע זיך אַריינגעוואָרפן אין דעם יאָגנדיקן שטראָם נאָך עפּעס וואָס איז פאָראויס געווען נעפּלהאַפט.

דער זומער איז אַוועק. עס זיינען אָנגעפאַלן די הערבסט נעכט מיט די גרוילעכע נעפּלען, וואָס האָבן זיך געלייגט איבער די לאַנגע קרומע גאַסן, באַ־דעקט די הייזער און אָנגעטראָגן אַ נאַסן קאַלטן אומעט. אין אַזוינע אָוונטן האָט מאָריס באַין אופן זיך נישט געקענט באַפרייען פון אַריינטראַכטן אין די שטוי־ביקע לעבנס־פּירונגען, וואָס האָבן זיך געפלאָנטערט אין זיין קאָפּ. אַמערגסטן האָבן אים דערעסן די לאַנגע ווינטער־נעכט, זיצנדיק אין „אויפנאָם־שטוב‟ ווו קלאַראַ האָט געוווינט ביי אירס אַ מומע, וואָס האָט תמיד מיט איר איינגע־טענה׳ט, אַז דאָס לעבן באַשטייט פון געבן קאָנצעסיעס, אָפּנייגונגען און גייט

אַוועק אויף אייביק. אַזוי ציט עס זיך פון דור צו דור. גלויב מיר אַז אַלע ראַ־מאַנסן זיינען נישט מער ווי אַ זיסער חלום, וואָס מען זעט פון דערווייטן, אַ פאַרשטעלונג, אַ מיראַזש. צו וואַרטן אויף דעם פּערפעקטן מענטש, דאָס האָט נאָך קיינער נישט דערגרייכט און אַזעלכער וועט קיינמאָל נישט זיין. דערביי צוגעשאָקלט מיט איר קלוגן און שיינעם קאָפּ. זי האָט געוואָרפן אַ שאַרפן בליק אויף די צוואַנציק־יאָריקע קלאַראַ און געבליבן הענגען אויף די פאַלדן פון איר קלייד... די שטילקייט פונם מיידל האָט די מומע אָנגענומען אַלס צייכן פון נאָכגיביקייט. כאָטש קלאַראַס יונגע נאַטור האָט אינערלעך פּראָטעסטירט פאַר אַוועקנעמען דאָס רעכט אויף אויסקלויב, האָט זי לסוף דאָך חתונה געהאַט מיט וויזמאַנ׳ען.

עס זיינען אַוועק אייניקע יאָר. די פאַמיליע האָט זיך פאַרגרעסערט. עס האָט אָנגעהויבן צו ווערן שווערער. די לאַנגע אַרבעטס טעג האָבן אים דערעסן און אַרום זיין נשמה האָט זיך געוויקלט אַ שטילער טרויער. ביינאַכט אויפן געלעגער פלעגט ער שעה׳ן לאַנג ליגן וואַך און טראַכטן וואָס וועט זיין דער סוף. ער האָט געזוכט וועגן ווי אַזוי עס זאָל קומען בעסערס און ביי זיך באַ־שלאָסן צו ווערן אַ לענדלאָרד, לכתחילה קליין, דערנאָך גרעסער. דאָס לאַנג באַקאַנטע שפּריך־וואָרט, אַז יעדער טראָגט זיין לעבן אין זיינע אייגענע הענט, קען מיט רעכט געזאָגט ווערן אויף מאָריס וויזמאַן... ווייל קיינער האָט נישט געוווּסט פון וואַנען און ווי אַזוי, נאָר באַלד ווי די ערשטע וועלט מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט איז ער מיט אַמאָל געוואָרן אַ „פּראָפּערטי דילער" (הייזער־הענדלער). אַ סך פון זיינע באַקאַנטע האָבן גע׳חוזק׳ט, אָט גייט דער קליינער לענדלאָרד, אַנדערע האָבן געשאָקלט מיטן קאָפּ אַזוי ווי זיי וואָלטן באַהאַלטן אין זיך עפּעס אַ סוד און אונטערגעברומט, אַז דאָס האָט ער די מלחמה יאָרן צו פאַרדאַנקען.

מאָריס וויזמאַן האָט זיך אַלץ מער דערווייטערט פון זיין פריערדיקן לעבן, פון פריינט און באַקאַנטע. ער האָט מיט אַ ווילדן אימפּעט זיך אַריינגעוואָרפן אין דעם יאָגעניש נאָך געלט און כבוד. דער ניי אויפגעקומענער לענדלאָרד איז גרייט געווען צו טון די גרעסטע מיאוסקייטן און עוולות, כדי איבערצושטייגן זיינע נייע פריינט די ביזנעס־לייט. ער האָט מיט אַמאָל באַקומען צוויי קולות, איינעם אַ גראָבען בעת ער רעדט מיט זיינע איינוווינער וועגן דירה־געלט און סתם מענטשן, דעם צווייטן אַ ווייך דין חניפהדיקס — פאַר רייכערע פון אים.

עס איז אים געגאַנגען גוט און יעדעס יאָר זיינען צוגעקומען מער הייזער. דורך דעם איז אין אים אַלץ שטאַרקער געוואַקסן דער תקיף. ער איז געוואָרן אַ גאַנצער גלייך־ווערטל־זאָגער און אַליין געלאַכט פון זיינע מאָדנע נאַרישע איינפאַלן. אפילו זיין טראָט איז אַנדערש געוואָרן, קליינינקע אָפּגעמאָסטענע טריטלעך ווי עס פּאַסט פאַר אַ לענדלאָרד. קלאַראַ, דאָס ווייב זיינס, האָט דורך דער צייט געקראָגן אַ שיין גוידערל און געוואָרן קיילעכדיקער און שווערער.

באַהאָנגען מיט צירונג און מיטן מאָפּסיק אַרטיק הינטל וואָס פלעגט תמיד איר נאָכלויפן האָט זי געמאַכט דעם איינדרוק ווי זי האָט אַ באַזונדערן פאַרגעניגן פון זיך אַליין.

אַנדערש איז געווען ווען ער האָט באַגעגנט אַ היימישן מענטש, האָט ער מיט זיינע קרומע פאַרזשמורעטע אויגן אים באַטראַכט אַזוי ווי ער דערזעט אים דאָס ערשטע מאָל. דערביי אַרויפגעצויגן די לייקענע הענטשקעס, גוט אויסגע־ווישט די גלעזלעך פון זיינע ברילן און זיך עפּעס פאַרטראַכט: דאַכט זיך פריער געקומען פון מיר, האַ? און דאָך געבליבן דער זעלבער. אמת, דער האַנדל מיט הייזער איז אַ מיאוסער מסחר, שטענדיק פאַרביזיוועט, מען מוז צומויערן, אונ־טערמויערן, פאַרבן, דעקאָרירן; היינט די אינספּעקטאָרס, די לאָדענישן. עס איז אַ נאַריש לעבן. און פון דעסטוועגן ביזט דו אַ שוטה, גיסט אַוועק צייט און געלט אויף נאַרישקייטן. וואָס, דו ווילסט נאָך אַלץ פאַרזאָרגן די וועלט! מילא, איבעראַנדערשן אַלעס וואָלט איך אפשר פאַרשטאַנען, אָבער פאַרזאָרגן די וועלט? נישט דיינע כוחות. פאָלג מיך, קויף אַ פּאָר הייזער און זיי אַ מענטש. ווי זאָגט שעקספּיר: „זיין אָדער נישט זיין“. איך האָב ערשט נעכטן געקויפט דריי שטיק און היינט געכאַפּט אַ פּאָר פון די אמת'ע קנאַקערס. דו פאַרשטייסט, איך האַלט פון עקאָנאָמיע, אַז קויפן הייזער איז דריי שטיק מיט אַמאָל, אויב עס איז נאָר דאָ עפּעס צו קויפן. דאָס זעלבע איז מיט קליידונג און באַשוכונג. דערביי אַרויס־נעמענדיק דעם זייגער פון זיין וועסטל קעשענע וואָס איז געווען אָנגעטשעפּעט צו אַ גאָלדן קייטל מיט אַן אַראָפּהענגער פון צוויי גאָלדענע פונטן, געגעבן אַ קרומען קוק: נו, עס איז שוין שפּעט. האָב מיר אַ גוטן טאָג. די לעצטע ווערטער זיינען געזאָגט געוואָרן מיט אַזאַ טאָן, אַז ס'האָט געמאַכט דעם איינדרוק: משטיינס געזאָגט מיט וועמען עס איז דאָ צו רעדן.

נאָכדעם, ווי הערי גליקסמאַן האָט פאַר זיינע פריינט תמיד זיך געשווירן, אַז ער וועט קיינמאָל נישט חתונה האָבן, באַווייזנדיק מיט די שאַרפסטע אַרגומענטן דעם טעות פון פאַרהייראַטן לעבן, ווו פאַלשקייט איז כמעט אַ נויטווענדיקייט סיי פאַרן מאַן סיי פאַר דער פרוי, האָט ער פלוצים אַ ברייטן שמייכל געטון, דערמאָנענדיק זיך אין עטלעכע באַקאַנטע פרויען, אויף וועמענס פנימער פלעגט זיך באַווייזן עקשנותדיקער פאַרלאַנג, אַרויסצורייסן פונם לעבן מער ווי עס קען געבן; אַז זיי זענען געווען דאַנקבאַר פאַר יעדן קורצן גליק, וואָס ער האָט זיי פאַרשאַפט... יאָ, דער איינציקער געדאַנק פון אַ פרוי איז צו געפעלן, און יעדע באַקאַנטשאַפט איז לייכט. דערנאָך, שפּעטער, ווי שווער אַלץ ווערט. וואָס פאַר אַ נאַרישקייט! און דאָך האָט ער חתונה געהאַט. אמת מיט אַ שיין מיידל אָבער אָן איבריקע מעלות. אַזעלכע זאַכן טרעפן זיך.

זייענדיק אויף אַ קורצער האָלידעי אין בריטאַן — דאָס איז געווען איינמאָל זומער צייט, אין אויגוסט — ווו דער עולם איז שטאַרק פאַרנומען מיט הלכות הגוף, און זיך לאָזן ווילגיין, איז אין באָרדינג הויז, ווו הערי גליקסמאַן איז איינגעשטאַנען, איינמאָל אין אַ מיטאָג שעה געווען שטאַרק פריילעך אַרום די טישלעך; מען האָט געלאַכט און געגעסן, און הויך גערעדט וועגן וועטער, פון פערד, הינט, קאָרטן, אָבער אַממייסטן וועגן פרויען; פון וועלכע הערי האָט זיך שאַרף אויסגעדריקט, אַז זיין דערפאַרונג, וואָס ער האָט געהאַט מיט פרויען, האָט אים באַוויזן, אַז דאָס איינציקע שטרעבן פון אַ פרוי איז לוקסוס און „ליבע”. קריגט זי דאָס, איז אויס מיט אַלע פליכטן און אידעאַלן.

אין אַלגעמיין, האָט הערי געהאַט אַ שלעכטע מיינונג וועגן פרויען, זיי אָנגערופן מיט מיאוסע נעמען ווי „גאָלד־דיגערס”, זוכער פון אויסערגעוויינלעכע באַקוועבלעכקייטן, און מיט זייער ווייבלעכן רייץ, מאַכן דעם שטאַרקסטן מאַן פאַר אַ שקלאַף. אָבער טראָץ דעם האָט הערי אָן געזעלשאַפט פון פרויען נישט געקענט אויסקומען קיין איין טאָג. ער האָט זיך געחידושט, וואָס ביי יעדן מאָל זיך טרעפן מיט אַ נייע מיידל, פלעגן אָט די אַלע רייד אים אינגאַנצן פון קאָפּ זיך אויסגליטשן. ניין! האָט ער כמעט ווי אויסגעשריגן, ער איז נישט אַזאַ נאַר אַרויפצוציען אויף זיך די קייטן פון אַ פאַמיליע לעבן...

אַרום די טישלעך איז פאַר אַ מינוט געוואָרן שטיל. עפּעס איז דאָס עסן געבליבן שטעקן אין האַלז. די פריילעכקייט איז ווי דורך אַ כישוף מיט אַמאָל פאַרשווונדן. עס האָט אויסגעזען גלייך ווי אַלע וואָלטן אויף הייסע קוילן געזעסן.

פייוול, אַ מיטליאָריק, נידעריק יידל, מיט אַ פּנים, וואָס האָט תמיד אויס־געזען פינסטער, און אַ שווער בייכל, וועלכעס לאָזט זיך אָנזען פאָראויס, בשעת ער גייט, האָט אַ מאַך געטאָן מיט זיין קליין פוכיק הענטל אין דער לופט: עט... וועלכעס האָט געמיינט, אַז ער איז מיט אים יאָ מסכים און נישט מסכים. חתונה האָבן, האָט פייוול געזאָגט, איז אַזוי ווי צוויי קלינגלעך פון אַ שערל. קוים זענען זיי באַזונדער, האָט קיינער פון דעם קיין נוצן נישט. ווי גוט און פיין דאָס שטאָל זאָל נישט זיין. אָבער פאַראייניקט דורך דעם צענטראַלן שרייפל, ווערט פון דעם אַ גאַנצעס, אַ זאַך וואָס ברענגט נוצן. אַזוי איז אויך מיט חתונה האָבן, עס איז דער צענטראַלער פונקט, וואָס פאָרמירט און וועבט דעם שטאָף פון לעבן צו פאַלקאָמהייט. ער האָט מיט זיינע קליינע וואַסערדיקע אויגן מיט חוזק אים אָנגעקוקט, ווי איינער זאָגט, מיר האָבן שוין געזען אַ סך אַזעלכע העלדן... די יונגערע באַווייבטע מענער האָבן הערי׳ן מקנא געווען און די קליגערע האָבן זיך צוגעהערט מיט אינטערעס.

דער טאָג איז געווען אַ הייסער, די זון האָט פינקלדיק געטאַנצט איבער אַ שטיק ים, און געבלענדט מיט אַ זילבער העלער ליכטיקייט; אַלץ איז פון דער היץ געווען איינגעוויגט אין אַ מידן זיסן דרימל; איז דער לעבן־שפּראָנצנדיקער הערי גליקסמאַן, — אַ הויכער מיט ברייטע פּלייצעס, ווי ביי אַן עכטן ענגלישן אַטלעט, מיט קלאָרע בלויע אויגן, אַן אינטעלעגענט ווייס פּנים, וואָס ס׳איז פון דער זון געווען ברוין — אַ זאָרגלאָזער געלעגן אויפן זאַמד ביים ברעג ים, זינגנדיק פויל עפּעס אַ ניגון, און כסדר געוואָרפן בליקן אויף די מענטשן, וועלכע זענען אַרויסגעקומען פונם ים נאָכן באָדן זיך און ספּעציעל אויף דעם ווייבלעכן עלעמענט. ווען זיין בליק איז פּלוצים געפאַלן אויף אַ יונג מיידל, וואָס איז נאָר וואָס אַרויס פונם וואַסער, האָט הערי ביים ערשטן אויגנ־בליק געביטן זיין מיינונג וועגן ווייבלעכן מין. אַ פייכטע נאַסע קילקייט האָט פון איר רונדן און בויגזאַמען קערפּער אויף אים אַ בלאָז געטאָן, בשעת איר פולע ברוסט האָט געאָטעמט מיט מעכטיקע פרישקייט. זי האָט אין די בלענדענדע זון באַזונדערס אויסגעזען שיין און רייצנד... זיין בליק האָט זיך באַגעגנט מיט אירע טיפע שוואַרצע אויגן. זיך אָנגעקוקט, און אַן ווערטער זיך פאַרשטאַנען. דזשעני, אַזוי האָט די מיידל געהייסן, האָט זיך פאַררויטלט, צו־האַלטנדיק איר באָד־קאָסטיום ביי דער ברוסט איז זי מיט שנעלע טריט אַריין אינם „טענט״ (ביידל).

דעם גאַנצן טאָג איז הערי גליקסמאַן אַרומגעגאַנגען ווי פאַרשיכורט. אַ נערוועזע אומגעדולדיקייט האָט אויף זיין פּנים זיך געמערקט. עס האָט זיך אים געדאַכט אַז אָט אָט וועט געשען עפּעס וויכטיקעס און געוואַרט אויף דעם ווי אויף עפּעס אַ נס. ער האָט ביי זיך געטראַכט, אַז אין אַזאַ שיינעם און לייכטן קערפּער, וועלכער שפּרייט פריילעכקייט און פרישקייט, מוז זיך לייכטן אַ שיי־נע טיפע נשמה... און אַנשטאָט קליינע, נידעריקע געדאַנקען, האָט ער דערפילט

עפּעס קאָכעדיקס וועקט זיך אויף אין זיין האַרץ; עפּעס אַזוינס וואָס גלעט און מאַכט פאַרגעסן, פון דעם וואָס ער ווייסט וועגן מענטשן און לעבן; אַזוינס וואָס ס׳איז אים געווען גאַנץ ניי... די דאָזיקע געפילן און געדאַנקען האָבן אים נישט אָפּגעלאָזט קיין איין מינוט. און ער האָט דערפילט אַ מאָדנע פאַרלוירנקייט, פאַר וועלכער ער האָט זיך אַזוי געשראָקן.

בשעת עס האָט זיך גענומען פילן אַ לייכטע באַרירונג מיטן אָנקו־מענדיקן אָוונט, און די שטאָט ברייטאָן האָט רחבותדיק גענאָסן די דערלייכ־טערונג פונם קילן פאַרנאַכטיקןווינטל, האָט הערי פלוצלונג באַגעגנט דזשעני, דאָס מיידל נאָך וועלכער ער האָט אַזוי שטאַרק געביינקט. זי איז איצט געווען אָנגעטון אין איר נעט געפּאַסט שוואַרץ זיידן קלייד, מיט אַ פיין שנירל פּערל אויף איר ווייסן האַלז, וועלכעס האָט שטאַרקער אַרויסגעבראַכט אירע שיינע פרויען פאָרמען, צוגעצויגן און גערירט צוגלייך...

דער ים איז אין דעם פאַרנאַכטיקן בין־השמשות געווען באַלויכטן אויף אַ מערקווירדיקן אופן, און אויסגעזען ווי פון טונקעלנעם בלויען קאָליר. די זון האָט זיך ביסלעכווייז אַרונטערגעלאָזט צו מערב, געפאַרבט דעם הימל טיף רויט, און פייערדיק געצונדן דעם האָריזאָנט, ווו הימל און וואַסער זענען איינס. הערי האָט כלומרשט באַמערקט, ווענדענדיק זיך צו איר: וואָס פאַר אַ פּראַכט־פולער זונען אונטערגאַנג. עס זעט אויס, ווי די גאַנצע נאַטור אַרום וואָלט איצט שלאָפן געגאַנגען... עס האָט זיך צווישן זיי פאַרבונדן אַ לייכטער שמועס, אַזוי ווי ביי פרייע צופרידענע מענטשן, וועמען עס איז אַלץ איינס, וועגן וואָס זיי זאָלן נישט ריידן. דאָס ערשטע מאָל, אין זיין הפקר לעבן, האָט הערי שטייענדיק ביי דער מיידל געפילט זיך אונדרייסט און אונענטשלאָסן. עס איז אים באַפאַלן אַ שרעק פאַרעפּעס, פאַר וועלכן ער האָט נישט געפונען קיין אויסדרוק, אַ גע־דאַנק, וואָס ס׳האָט זיך איינגעבוירערט אין זיין מוח, און אים אויפגעפּאָדערט נאָכצוגעבן; חתונה האָבן? — יאָ! חתונה האָבן... די לעצטע ווערטער זענען געבליבן ווי הענגען אין דער לופטן נישט דערזאָגטע. ער האָט זי אויפ־מערקזאַם באַטראַכט, באַמערקט איר אָפענעם האַלז, די פּערפעקציע פון איר שיינעם קערפּערלעכן געבוי, און אירע טיפע שוואַרצע אויגן האָבן אים ווי באַרוישט. פּלוצים, ער ווייסט נישט ווי אַזוי, האָט ער דערפילט איר קערפּער געשלאָסן אין זיינע אָרעמס, און איר געשאָנקען דעם ערשטן קוש, דערביי שעפּטשנדיק: איך האָב דיך ליב, שטאַרק ליב...

דזשעני און הערי האָבן אָנגעהויבן צו פאַרברענגען אַ ליכטיק פריילעך לעבן. יעדן מאָרגן שפּאַצירן, אָדער זיצן ביים ברעג ים, באַוווּנדערן דאָס ריט־מישע רוישן פון די כוואַליעס און טראַכטן, אַז פונקט אַזעלכער איז דער ים געווען מיט טויזנטער און הונדערטער יאָרן צוריק. יאָר נאָך יאָר, טאָג נאָך טאָג, אַוועקגיין, און קומען מיט שווערע ווייס־שוימיקע כוואַליעס; איינע איבער דער אַנדערער מיט אַ רעש ווערן צוזעצט ביים ברעג; זיך צעגיסן, איבערלאָזנדיק

נאָך זיך אַ ווייסע פלאַךביים אָפּשווימען.

גאַנצע שעה'ן פלעגן זיי אַזוי אָפּזיצן, יעדער פאַרטיפט אין זיינע רעיונות, וועגן דעם גרויסן און גליקלעכן טאָג, וואָס ס'דאַרף פאַר זיי קומען. אין אַזעלכע מינוטן פלעגט זיך צו העריס פריילעכע און לייכטע געדאַנקען צומישן אונאַנגענעמע און פינסטערע. ער האָט דערפילט, אַז עפּעס שווערעס רוקט זיך אויף אים אָן. פאַרפאַלן עס איז נישט דאָ קיין צוריק! איר יוגנטלעכער לעבנס לוסט, גוטסקייט און רייץ האָבן אויף אים אַזוי געווירקט, אַז ער איז באמת גע־וואָרן אין איר פאַרליבט.

די „האָלידעי"־צייט איז אַוועק און דזשעני האָט אָנגעהויבן טראַכטן וועגן דעם נייעם לעבן, אים געגעבן אַלעמאָל אָנצוהערן וועגן דעם. שפּאַצירנדיק יעדן אָוונט איבער די לאָנדאָנער טראָטואַרן, פלעגט זי זיך אָפּשטעלן ביי פאַרשידענע מאַגאַזינען. אָבער אַממיינסטנס ביי די מעבעל געשעפטן. איר בליק איז געפאַלן אויף אַ שיין מעבלירט שלאָפצימער, וואָס איז געווען אויסגעשטעלט אין שוי־פענסטער, און אַראַנזשירט נאָך דער לעצטער מאָדע, מיט אַלע באַ־קוועמלעכקייטן. אַ גרויסאַרטיק בעט, מיט ווייסע קישעלעך, אַקוראַט ווי גע־ווונטשן פאַר אַ פּאָר־פאָלק. זיי האָבן זיך אָנגעקוקט, און זיך פאַרשטאַנען...

באַלד נאָך סוכות האָט דזשעני פאָרגעשטעלט העריןן פאַר איר מוטער, איר געוויזן דעם „ענגיידזשמענט־רינג". און נאָך אַ לענגלעכן געשפּרעך, וועגן אַ היים און חתונה, האָט זי ווי ס'איז די טבע פון אַ מאַמע געזאָגט, אַז זי איז נאָך יונג און האָט נאָך צייט. אָבער ענדלעך איז באַשטימט געוואָרן די חתונה פאַר אַ וואָך נאָך „קריסטמעס".

נעכע, דזשעניס מוטער, וועלכע איז געווען אַ פרוי פון אַ יאָר פערציק, מיט שוואַרצע האָר, וואָס זענען ביי די עקן שוין געווען גרוי, האָט אָפּגעזיפצט און צוגעשאָקלט מיט איר אַביסל פאַרעלטערטן, אָבער נאָך שיינעם קאָפּ, אַזוי ווי זי וואָלט זיך געוואָלט באַפרייען פון עפּעס וואָס מאַטערט, און לאָזט נישט רוען; ווייל זינט זי האָט זיך דערוווּסט, וועגן דעם נישט גליקלעכן לעבן פון די פאַמיליע גליקסמאַן, און ספּעציעל וועגן העריי, וואָס פערד, הינט, קאָרטן איז זיין לעבנס שטייגער. אַממיינסטן האָט איר פאַרדראָסן דאָס, וואָס העריי האָלט בסוד פאַר דזשעני, וועגן זיין פאָטער, דעם אַלטן גליקסמאַן, וועלכער האָט אי־בערגעלאָזט אַ ווייב מיט קינדער, און איז אַוועק מיט עפּעס אַ נישט יידישע פרוי, וואָס פלעגט אַזוי ווי ער תמיד זיין פאַרנומען מיט די „רייסעס". זי האָט שטיל ווי צו זיך אַליין געזאָגט: דאָס עפּעלע פאַלט נישט ווייט פונם בוימעלע... יאָ, אַזוי, ווי איינער צו זיבן אַזוי צו זיבציק! הלוואי זאָל זיך אויסלאָזן צום גוטן . . . דאָס קלאַפּן פונם גראָבן רעגן אין די שויבן פון איר קליין געוועלב, און דאָס קנאַקן פונם פייער אינם שטיבל האָבן זיך אַקאָמפּאַנירט, אַזוי ווי אַ טרויעריקע סימפאָניע וואָלט זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט פ י נ ס ט ע ר ע מחשבות, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין איר מוח; איר איינציקע טאָכטער,

די אַכצן יאָריקע דזשעני מאַכט אַ טעות אויף איר גאַנצן לעבן. אַ סימן זיין קליידונג, די געקעסטעלטע הויזן, מיט די קעפּקע אויפן קאָפּ, וואָס איז תמיד פאַרוקט אין אַ זייט, האָט אויף איר אַ שלעכטן איינדרוק געמאַכט.

נעכע איז געזעסן אינם וויג־שטול, דעם קאָפּ פאַרבויגן אָן אַ זייט, און געוויגט זיך צום טאַקט פון אירע טרויעריקע געדאַנקען. אין איר דמיון איז אין דער רגע אַדורך איר גאַנץ לעבן, ספּעציעל זינט זי איז געקומען קיין לאָנדאָן. די שווערע און ביטערע צייט פון איר מאַנס קראַנקייט און נאָכדעם ווען ער איז געשטאָרבן; אוי! זיינען דאָס געווען שווערע ביטערע צייטן . . . ווען נישט דאָס געוועלבל, וואָס זי האָט איבערגענומען פון אַ פריינדין אין בריק ליין, ווער ווייס וואָס ס'וואָלט פון איר מיט די צוויי קינדער געוואָרן. אמת, דער זון אירער איז איצט אין אויסטראַליע, אַ צושניידער ביי מענער־אַרבעט, און שיקט איר פון צייט צו צייט אַ פּאָר פונט, אָבער אַמיינסטן פּאָטאָ־גראַפיעס. און לעצטנס שרייבט ער אַז ר'האָט זיך באַקאַנט מיט אַ מיידל און דענקט דאָרטן צו פאַרבלייבן. וואָלט כאָטש איר מאַן איצט געלעבט.

די חתונה פון דזשעני מיט הערי גליקסמאַן האָט זיך אויסגעלאָזט מיט אַ ביטערע טראַגעדיע, צובראָכן איר האַרץ און רואינירט דאָס לעבן אירס. אמת אַז פאַר אַ פּאָריאָר האָבן זיי געלעבט מער ווייניקער גליקלעך. ער האָט זיך גע־פּרובט אליין איינרעדן, אַז ער מוז זיך צוגעוווינען צו אַ נאָרמאַלן פאַמיליען לעבן. אָבער דער געראַנגל פון זיין הפקר נאַטור, וואָס ס'האָט אין אים געברויזט אַז דער עיקר איז דאָס לעבן... און די פליכט צו ווייב און קינד האָבן אים דאָס אַריינגעברענגט אין אַ מרה־שחורהדיקער שטימונג. אַ קאַלטער שוידער איז דורך זיין לייב, טראַכטנדיק וועגן זיין איצטיקע פאַרהעלטעניש מיט פרידאַ, דזשעניס איינציקע פריינדין, וואָס פלעגט צו זיי אָפט אַריינקומען און לעצטנס —צוליב זייערע שווערע אומשטענדן, זיך אריינגעצויגן אינם אלקערל, וואָס זיי האָבן זייער ווייניק באַנוצט. אַ פאַרכמורעטער פלעגט ער אינם שטוב אַרומגיין, זיינע אויגן תמיד געווענדט צום אלקערל, זיינע געדאַנקען זיינען אין גאַנצן גע־ווען מיט איר...

אַ באַהאַלטענער פאַרלאַנג, וואָס ס'איז איבערגעגאַנגען אין אַ תאוהדיקן באַגער, האָט אים מעכטיק געשלעפּט. ער האָט אַ פּיר געטון מיט זיין האַנט איבערן פּנים, אַזוי ווי צו פאַרטרייבן עפּעס וואָס זיצט אין אים, רייצט צו עפּעס שלעכטעס.

דזשעניס מוטער איז פון די לעצטע געשעענישן, אין פאַמיליען־לעבן פון איר טאָכטער, געוואָרן שטאַרק צוטרייסלט און פאַרעלטערט, אויף איר נאָך נישט אַלט צוקנייטשט פּנים האָט מען געקענט דערקענען, אַז דאָס לעבן ליגט אויף איר ווי אַ לאַסט. פון שטאַרקן נעמען זיך צום האַרצן, איז זי נאָך אַ לענגערער קראַנקייט געשטאָרבן.

פאַר דזשענין האָט זיך אָנגעהויבן אַ פינסטער טרויעריק לעבן. טעג און

וואָכן פלעגט הערי ערגעץ פאַרפאַלן ווערן. און ווען דער געוויסן האָט אים געמאַטערט, פלעגט ער קומען, אָבער באַלד ווידער פאַרפאַלן ווערן. עלענט און פאַרלאָזט, איז זי געווען געצוואונגען זיך איבערציען אינם געוועלבל, דאָרט וואו איר מוטער האָט פאַרברענגט אירע יאָרן.

ווען יענע גרויסע וועלט מלחמה, 1914, האָט אויסגעבראָכן האָט הערי דערפילט אַ דערלייכטערונג. ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער אַרמיי. זי וואָלט אים אַלץ מוחל געווען, האָט זי פאַרביטערט געטראַכט, שטייענדיק איצט ביים ים, פון וואו די שיף דאַרף אָפּגיין. זי איז דאָך געווען מיט אים זיך געזעגענען... דער פאַרנאַכט איז געווען אַ פאַנטאַסטישער, פונקט אַזאַ פאַרנאַכט ווי יענער, ווען זי האָט זיך דאָס ערשטע מאָל באַגעגענט מיט הערי ביים ים. און ווען הערי האָט זי געזען ביים שיף, האָט ער אַ קלער געטון: זי ליבט אים נאָך אַלץ . . . עס האָט זיך אין אים דערוועקט אַ געפיל פון רחמנות צו איר. און צום ערשטן מאָל געטראַכט, ווי פיל זי האָט זיך געמאַטערט, און פיינלעך געליטן דורך אים. ער האָט זיך געפילט שולדיק און שטאַרק גערירט דערפון. ער האָט איר געוואָלט עפּעס זאָגן און נישט געוואוסט וואָס.

דזשעני איז איצט געווען עלענד און צעבראָכן און געטראַכט, אַז אירע בעסטע יאָרן זיינען שוין אַוועק, זיינען געבליבן פון הינטן. מיט די דאָזיקע מחשבות איז זי געשטאַנען ביז אַ שטיק אין דער נאַכט אַריין. די שיף האָט זיך איבערן ים פלאַך געגליטשט, איר ליכט האָט זיך געלאָשן און ווידער אויפֿגעטויכט. אַ טיפער צער און בענקעניש האָט זיך אין איר נשמה באַזעצט. זי האָט זיך געזען אינם געוועלבל, דאָ אין דעם ענגן פינסטערן ווינקל וועט זי פאַרברענגען אירע לעצטע טעג. קיין שום ענדערונג, נאָר די זעלבע מאָנאָטאָנע פראַגן און באַדערפענישן. עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז דאָ איז די וועלט פאַר איר צו ענדע. יאָ, האָט זיך פון איר האַרץ אַ פאַרצווייפלטער זיפץ אַרויסגעריסן: חתונה געהאַט . . .

# „אם אין אני לי מי לי"

(געווידמעט אברהם רייזענען צו זיין 70־טן געבוירן־טאָג)

שלמה ראָזענהאָלץ איז געווען אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר 20, מיט גרויסע פאַר־חלומ׳טע בלויע אויגן און אַ ברייטן בלאַסן שטערן, וועלכער האָט זיך שטאַרק געקנייטשט, בעת׳ן אָפּטון אַן אַוואַנטורעלע, אַז דאָס שטעטל זאָל גיין אויף רעד־לעך... זיין לענגלעך פּנים אַרומגענומען מיט אַ קליין שיטער שוואַרץ בערדל, וואָס האָט אויסגעזען אַזוי ווי אַ ראָם אַרום אַ שיינעם פּאָרטרעט. אינם שטעטל „ר" אין פּוילן האָט מען אים גערופן מיט דעם צונאָמען שלמה מזיק, מחמת צוויי טעמים. ראשית צוליב זיין ברייט געפּאַלדעוועטן שטערן האָט דער עולם אים געהאַלטן פאַר אַ בעל־מוח, אַ קאָפּ־מענטש, פאַר אַ גרויסן וויצלער און ווערטל־זאָגער, און נאָך אַ גרעסערער צו־להכעיסניק. תמיד פאַרנומען דעם אויבן־אָן, און אויף יעדע זאַך געהאַט אַ גרייטן פּסוק. אָבער אַממייניסטן האָט ער ליב גע־האַט צו באַנוצן דעם זאַץ „אם אין אני לי מי לי" ; דאָס האָט שוין פאַרענטפערט אַלעס בנוגע די צרה׳דיקע צייט, וואָס האָט זיך אָנגערוקט אויפן שטעטל.

והשנית איז ער געווען אַ הויכער מיט שטאַרקע ברייטע פּלייצעס, און צוויי לאַנגע אייזערנע הענט, וועלכע האָבן געקענט דערלאַנגען, און טאַקע אויך דער־לאַנגט. און די בעסטע צייט פאַר דעם זיינען געווען די פּריזיוו־טעג, ווען ס׳פלעגן זיך צונויפקומען די רעקרוטן פון די אַרומיקע דערפער, און אָנוואַרפן אַ פּחד אויף דעם יידישן עולם. אין אַזעלכע צייטן, ווען יעדער ייד האָט מורא געהאַט זיך צו ווייזן אין גאַס, איז שלמה מזיק געווען אויף דער וואַך. ער איז געווען אומעטום ווו מ׳האָט געברויכט באַווייזן מיט די הענט און כוח. אָבער לעצטנס פלעגט ער אַן אומרואיקער זיצן ביים פענסטער אין זיין שטוב, מיט ברייט געעפנטע אויגן קוקנדיק פאַרטראַכט, ווי די פויערישע פורן יאָגן זיך איינע נאָך דער צווייטער פונם זאַמדיקן באַרג אַראָפּ מיט רעש אַריין אין געסל.

דבורה זיין יונג ווייבל איז געזעסן אין אַ ווינקל פונם שטוב פונקט אַקעגן אים און געצירעוועט אַ זאָק, וואַרפנדיק אַלעמאָל אַן אומפאַרשטענדלעכן בליק אויף אים. זי האָט געוואָלט עפּעס אים מבשר זיין, זיך טיילן מיט אירע נייע געפילן. זי האָט עס אָבער נישט געטון, מחמת זיין אומרואיקייט. אין האַרצן האָט זי אָבער דערפילט אַז עפּעס וועט פאַסירן... דאָס שטעטל איז אין די פּרי־זיוו־טעג געווען פול מיט סוד. און די ווייבער זיצנדיק פאַר די טירן האָבן צווישן זיך געשושקעט, אַז שלמה מזיק איז אין גאַנצן געראָטן אין זיין זיידן דעם אַלטן ר׳ עקיבא ראָזענהאָלץ, וועלכער איז געווען אין שטעטל פאַררעכנט פאַר אַן אָנגעזעענעם מענטש און אַ גרויסער גבור. מיט אַ פּאַטש פון זיינס אַ האַנט האָט דער שטאַרקסטער פויער געזען פליענדיקע פונקען פאַר די אויגן,

אַז ס׳האָט אים אָפּגענומען דעם אַפּעטיט נאָך אַמאָל צו טשעפּן זיך, און טאַקע דורך דעם וואָס ער איז אין גאַנצן געווען געראָטן אינם זיידן האָט ער געמוזט פאַרלאָזן דאָס שטעטל.

אין אַ פינסטערן נאָוועמבער אָוונט, ניינצען הונדערט אַכט, אַרום צען אַזייגער איז שלמה מזיק געקומען אין לאָנדאָן. אַ שנייאיקער גראָבער רעגן האָט ווי מיט שאַרפע שפּיזלעך געפּאַטשט די אָנגעצונדענע לאָמפּן אין די גאַסן, וועלכע האָבן אין דעם שפּריצנדיקן פינסטערן אָוונט אויסגעזען ווי לאַנגע פאַרשלאָפענע פיגורן, געהילט אין טונקלען טיול. דער קאַלטער ווינטער ווינט האָט מיט רעש געטרייסלט די אָן אַ צאָל פענסטער, און מיט צאָרן זיך געוויקלט אַרום די הייזער פון דער גרויסער שטאָט. ס׳האָט זיך אים אויסגעדאַכט אַזוי ווי עפּעס אַ טרויעריקע מענטשלעכע נשמה וואָלט געקלאָגט און פאַרלאַנגט מען זאָל איר אַריינגעמען אין שטוב, פון די קעלט און נאַסקייט. אַ שרעקלעך וועטער, האָט ער ביי זיך געטראַכט, אַן אמתע גאָטס שטראָף איז דאָס.

אַ מוראדיקע גרויסע איינזאַמקייט האָט אַרומגענומען זיין נשמה, און אַ טיפע בענקשאַפט נאָך דעם שטעטל, וועלכעס האָט אין זיינע אויגן איצט אויסגעזען שבתדיק, דאָרטן אין עק גאַס שטייט די שטוב וווּ ער איז געבוירן געוואָרן, און וווּ זיין קינד וועט געבוירן ווערן. די שטוב, וואָס איז איבערגעגאַנגען בירושה פון זיין עלטער־זיידן ביז צו אים און וווּ זיין מוטער פלעגט יעדן שבת פאַר הבדלה זיצן אין אַ ווינקל און פרום זאָגן גאָט פון אברהם. אַ קוואַל פון זכרונות האָבן זיך מיט אַמאָל אַ שפּאַר געטון אין זיין מחשבה, פריילעכע און אומהיימלעכע. פלוצלינג לויפט אים דורך אַ געדאַנק, ער פאַרטראַכט זיך אַ רגע און גיט אַ שמייכל: אַ נאַרישקייט געדענקט זיך...

דאָס איז געווען מיט אַ צוויי יאָר צוריק, אין אַ זומערדיקן שבת פאַרנאַכט. די זון האָט שוין געהאַלטן אין פאַרגיין און דיקע שווערע שאָטנס האָבן זיך אין יעדן ווינקל געלייגט. די געסלעך זיינען שטיל און רואיק, די הייזלעך איינגעדרימלט. שאַרפע געשמאַקע ריחות פון די נאָענטע לאָנקעס פּילן אָן די לופט, און די שטיבן טונקען זיך אין אַ האַלב פינסטערקייט. פלוצלינג איז זיין פאָטער געקומען און אים געטראָפן זיצן צוזאַמען מיט זיין כלה, וואָס איז געווען צו גאַסט, האַלטנדיק איר האַנט . . . יאָ, אַ נאַרישקייט געדענקט זיך. ער האָט זיך גע׳חידוש׳ט, וואָס עפּעס פונקט איצט אין דעם שווערן פּוילן וועטער איז דאָס אַלעס אים אַרויף אויפן רעיון. מאָדנע געדאַנקן, האָט ער צו זיך געזאָגט, פון דעם וואָס מען וויל טראַכטן איז מען ווייט ווייט אַוועק... און וויפיל ער האָט זיך געוואָלט באַפרייען פון די שווערע מחשבות און דעם פינסטערן קאַלטן אומעט, האָט ער דערפילט אַז ר׳איז איינס מיט די שוואַרצע נאָוועמבער נעכט.

עס איז אים באַפאַלן אַן אימה פאַר עפּעס, וואָס ער האָט קיינמאָל פון דעם פריער נישט געדענקט. דעם סוד פון לעבן, פון עפּעס אַזוינס וואָס איז טיף באַהאַלטן אין דער מענטשלעכער נשמה, אַזוינס וואָס קיינער, קיינער וועט פון

דעם קיינמאָל און אייביק נישט וויסן. ווילדע מחשבות האָבן געמורמלט און געבויערט זיך אינם קאָפּ, אַז וועגן דעם תוך פון לעבן איז אַלץ, אַלץ שטום... אַ שטומע וועלט! און אַ שטומער לעבן. אַ מיש־מאַש פון געדאַנקען מטושטש אָן אַ פאָרם האָבן זיך געפּלאָנטערט אין זיינע מחשבות, אַז דאָס לעבן איז נישט אַזאַ ווי עס באַדאַרף צו זיין. עס איז אים געקומען אויפן זינען דער פּסוק „אם אין אני לי מי לי"... יאָ, דאָס איז דער עיקר געדאַנק, האָט ער ביי זיך געטראַכט. יעדער זוכט דאָס, וואָס היילט די נשמה, דורך זיינע חושים און פאַרקערט... ער האָט פּלוצלינג דערפילט עפּעס ווי אַ צוריקגעהאַלטענער כוח האָט אין אים אויפגעבראָכן.

מיד און צעבראָכן פון וואַלגערן זיך אויף די פאַרשידענע וואָקזאַלן, האָט שלמה מזיק זיך געאיילט צו קומען וואָס שנעלער אויף דעם אָרט, וואָס אַ פריינט און לאַנדסמאַן האָט פאַר אים צוגעגרייט, ביי אַ מיסעס ליווי, וועלכע האָט גע־האַט אַ שם צווישן די יונגע לייט פאַר אירע גוטע און היימישע מאכלים וואָס זי פלעגט מאַכן. דאָס איז געווען אַ קליין ענג צימערל אַזש אויפן דריטן שטאָק. אַן אייזערנע בעטל איז געשטאַנען אַקעגן פענסטער און אַ זאָפקע איבערגעצויגן מיט ברוינע סעראַטע, וועלכע איז געווען שטאַרק אָפּגעריבן, און איינגעפאַלן אין דער מיט, איז געשטאַנען אַזוי ווי אַ דריי־עק אין אַ ווינקל פונם שטיבל. דאָס האָט אויף אים געמאַכט אַ שלעכטן איינדרוק און אין זיין האַרצן האָט זיך אַריינגעשלייכט אַ שטילער איידעלער טרויער. ער האָט זיך געוווּנדערט וואָס טוט ער דאָ אין דעם קליינעם ענגען חדר. עס איז זיכער עפּעס אַ טעות. נאָר דאָס קלאַפּן פון אויטאָמאָבילן, פערד און דראָשקעס, וועלכעס האָט זיך אָנגע־הויבן אין אַ ווייטער גאַס, און אויף אַ רגע נישט אויפגעהערט, האָט זיך צוזאַ־מענגעמישט פון צייט צו צייט מיט דעם אויסקלאַפּן פון די שעה'ן פון דעם גרויסן שטאָט־זייגער „ביג־בען", האָט אים דערמאָנט אַז ער איז אין לאָנדאָן. ער האָט דערפילט אַ שווערקייט און מאָדנע דושנע. ער האָט אויפגעמאַכט דאָס פענסטער און אַרויסגעקוקט. אַרום האָבן זיך נאָר געזען דעכער און קוימענס. די וואָלקנס ווי שוואַרצע נעפּלען זיינען געהאָנגען נידריק, אַזוי נידריק, אַז ס'האָט זיך געדאַכט, אָט־אָט פאַלן זיי אַראָפּ.

מיט פאַרטויבטע חושים איז שלמה מזיק אַ שטיק נאַכט איינזאַם אַרומגע־גאַנגען אין זיין חדר און עפּעס געמורמלט פאַר זיך, דערביי געביסן דעם עק פון אַ בליישטיפט. צי האָט ער געוואָלט עפּעס שרייבן, ווער וויס? ער האָט זיך פּלוצלינג אַ כאַפּ געטון אַז ער האַלט אין איין אומבאַוווּסטזיניקן איבער־חזר'ן די זעלביקע ווערטער: „ואם לא עכשיו אימתי", אויב נישט איצט, ווען דען? וואָס איז אים אַלץ געקראָכן אין געדאַנק... אַ מידקייט האָט אים אַרומ־גענומען און ער האָט איינגעדרימלט אויף דעם זאָפקעלע. די לבנה איז פון אַ שוואַרצן וואָלקן אַרויסגעשווומען, אַריינגעקוקט דורכן פענסטער, און באַגאָסן זיין פּנים מיט אַ בלאַסן זילבער גלאַנץ. ווען שלמה מזיק האָט זיך אויפגעכאַפּט

אַ באַרואיקטער, האָט שוין דער טאָג זיך געבראָכן איבער די דעכער פון דער גרויסער שטאָט, כוואַליעס פון ליכט האָט פון דער פינסטערקייט זיך אַרויסגע־שיילט און אָפּגעדעקט אַ שטיק הימל.

דאָ אין דעם ווינקל ביי די מיסעס ליווי, ווו עס זיינען יעדן טאָג געקומען און אַוועקגעגאַנגען אַלץ נייע צוגעפּאָרענע יונגע לייט, האָט שלמה מזיק זיך באַקענט מיט אַ בחור וואָס האָט געאַרבעט אין אַ פּאַפּיראָסן פאַבריק, און אים דאָרטן געשאַפן אַ באַשעפטיקונג. אמת, עס זיינען געווען וואָכן, וואָס ער האָט זיך געמוזט אָפּזאָגן פון אַ געשמאַקן מיטאָג, ספּעציעל ווען עס איז קיין אַרבעט נישט געווען. דאָס האָט אים אַזוי דערעסן, אַז ער האָט אָנגעהויבן זוכן פּלענער, וואָס זאָלן באַפרידיקן זיין אינערלעכן באַגער. זייענדיק פון דער נאַטור אַ ריי־רעוודיקער, מיט אַ פעסטן ווילן, איז ער געווען זיכער, אַז ר׳וועט צו עפּעס דערגרייכן. עס וועט קומען, עס מוז קומען! אויב נישט איצט ווען דען? דער געדאַנק האָט אים געגעבן דעם שטויס אויסצונוצן יעדע געלעגנהייט פאַר זיין ציל. ער האָט גיך אויפגעכאַפּט די שפּראַך און מיט אַלע כוחות געזוכט זיך צו־צופּאַסן צום היגן ענגלישן לעבן. זייענדיק אַ פעהיגער מענטש, און האָבענדיק אַ געניטע פּראַקטיקע אין מסחר פון דער היים, האָט שלמה מזיק זיך גענומען צום האַנדל. לכתחילה פלעגט ער געבן אויף באָרג פּאַפּיראָסן צו פריינט און באַקאַנטע. שפּעטער האָט ער אָנגעפאַנגען אַליין צו פאַבריצירן. ער האָט אויך בשותפות מיט זיין פריינט און לאַנדסמאַן, דער קורצער חיים, געעפנט אַ טאַבאַק סטאָר און אים שפּעטער אַרויסגעוואָרפן. אַזוי איז ער געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. ער האָט זיך איבערגעצויגן אין אַ גרויסע וווינונג, ביי רידזשענס פּאַרק, אַריבערגעבראַכט זיין ווייב מיטן קינד, אַ יינגעלע פון אַ יאָר דריי.

די צייט איז געלאָפן און מיט איר איז שלמה מזיק געשטיגן אַלץ העכער און העכער, ביז ער איז געוואָרן אַ דירעקטאָר פון אַ סך טאַבאַק געשעפטן און איבערהויפּט הייזער. ער האָט זיך איצט גערופן סעם ריזמאַן ענד קאָמפּאַניע. געוווינט האָט ער איצט שוין אין אַ שיין גרויס הויז אין צענטראַל הענדאָן. מיט זיינע נייע פריינט דירעקטאָרן און מענעדזשערס פלעגט ער נאָר רעדן וועגן ספּאָרט, גאָלף, אָבער צום ליבסטן „ביזנעס", און בשעת מעשה אָנצינדן די פּייקע, וואָס ער האָט תמיד אין מויל געהאַלטן ווי אַן עכטער ענגלישמאַן. אויך זיין ווייב, די פרומע נאַאיווע מרים, איז געוואָרן אַנדערש, און זיך געפירט ווי אַן עכטע ליידי. זי האָט שטאַרק ליב געקראָגן צו גיין צו ברידזש פּאַרטיס, און הנאה געהאַט פון אַ צופעליקן געפעפערטן קאָמפּלימענט, דערביי זיך פאַר־רויטעלט, אַרונטערלאָזנדיק אירע טיפע שוואַרץ ברענענדיקע אויגן; אויפן שפּאַציר מיטנעמען אירע ניי געקויפטע צוויי הינטעלעך און מיט גדלות שפּרייזן איבער די טראָטואָרן. זי האָט ביי זיך געטראַכט, ווען די פריינט און ווייבער פונם שטעטל וואָלטן איר איצט געזען! אַ ברייטער שמייכל האָט זיך אויף איר פּנים אויסגעלייגט פאַר גרויס הנאה.

אַממיינסטן פלעגט זיך טומלען ביי די ריזמאַנס פאַר קריסטמאַס צוגרייטנ־דיק די „פאַרטי״ צוליב דעם וואָס די קינדער קומען אַהיים פון קאָלעדזש. אירע רונדע באַקן מיט די חן גריבלעך האָבן געפלאַמט בשעת׳ן באַקן און פּרעגלען, אַקוראַט ווי אין דער אַלטער היים ביים אויסלאָזן גענזן שמאַלץ און מאַכן לאַט־קעס. סעם ריזמאַן, דער גרויסער דירעקטאָר פון אַ סך געשעפטן, איז געשטאַנען און אויסגעקלאַפּט די אַש פון זיין פּייקע, געוואָרפן אַ פאַרשעמדן בליק אויף זיין ווייב, און נישט פאַרשטאַנען וואָס ס׳איז געוואָרן מיט איר. תמיד איז זי „ביזי״; בייטאָג זוכן באַרגנס (מציאות) און אין די אָוונטן גיין אויף בעלער, קאָנצערטן און אַמוזיר פלעצער. זי איז אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם רוישיקן לעבן, אַז זי האָט גאָרנישט באַמערקט ווי די יאָרן אַנטלויפן, און אירע קינדער זיינען פּלוצלינג אויסגעוואַקסן.

איינמאָל אין אַ קריסטמאַס אָוונט ווען די קינדער זיינען אַהיים געקומען, האָט מרס. ריזמאַן זיך דערוווסט, אַז איר עלטסטער זון, בעני, האָט שטיל, אָן זייער וויסן, חתונה געהאַט מיט דעם נישט יידישן מיידל, וואָס פלעגט תמיד אַזוי פריילעך פאַרברענגען ביי איר אין הויז אויף די „פאַרטיס״.

ראשית האָט זי אָנגעהויבן חלשן, דערנאָך פאַרבראַכן די הענט, און גע־שריגן, אַז זי האָט געוווסט אַז עפּעס וועט פּאַסירן... נאָר דערויף האָט זי זיך נישט גערוכט! און וואָס וועלן איצט אירע פריינט זאָגן, ספּעציעל מרס. בייטעל־מאַן, וואָס איז גרייט געווען צו געבן איר טאָכטער אַ סך טויזנטער נדן. אויך סעם ריזמאַן איז אַרומגעגאַנגען ווי אַ צעמישטער. אמת, אַז ער איז נישט אַזאַ פרומער און אָפּגעהיטענער ייד, אָבער עס מוז דאָך זיין אַ גרעניץ, און וואָס פאַר אַ פּנים וועט ער איצט האָבן אין שול. ריזמאַן דער מאַכער, דער כל־ולך, דער איינגעשפּאַרטער עקשן אַז די רעוורענדס זאָלן דווקא האַלטן די דרשות אין ענגליש, כדי דער יונגער עולם זאָל וויסן אַז זיי זיינען יידן.

סעם ריזמאַן האָט קיינמאָל פריער נישט געזען דעם מהלך, וואָס ליגט צווישן אים און זיינע קינדער, וואָס ווילן ממש נישט וויסן פון יידישקייט. עס איז געווען קענטיק, אַז זיי האָבן זיך געשעמט אויסצוזאָגן אַז זיי זיינען יידן. די קנייטשן אויף זיין בלאַסן שטערן האָבן זיך טיפער איינגעשניטן. זיינע אויגן זיינען געוואָרן מאַטער און האָבן אויסגעזען ווי צוויי אויסגעלאָשענע לאָמפּן, וואָס וואַרטן אויף אַ נס. סעם ריזמאַן איז די לעצטע צייט נישט אַרויס פונם הויז. און נאָך דעם געשעעניש פלעגט ער תמיד זיצן שעה׳ן לאַנג ביים פענס־טער פאַרטיפט אין רעיונות. עס האָט אָנגערוקט נאַכט ווען זיין זוהן איז איינ־מאָל אין אָוונט פּלוצלינג אַריינגעקומען, די לבנה האָט זיך פון ערגעץ אַרויס־גערוקט און אַ בלאַסער שטראַל איז געפאַלן אויפן פאָטער און זון.

די לבנה האָט אים דערמאָנט אין עפּעס... אין פריערדיקן שטעטלדיקן צו־נאָמען „מזיק״. אַ טיפער צער האָט זיך געוויקלט אַרום זיין נשמה און געפילט זיך הויך צו צעוויינען, אָדער זיין בענאָק דורס צו זיין, ווי אַמאָל אין דער היים

אָ שטעטלדיקן שגץ. ער האָט זיך שטיל צעוויינט, אַז דער זון זיינער, דער בן־יחיד זאָל נישט הערן, און שטיל געשעפּטשעט צו זיך די אַמאָליקע ווערטער: „אם אין אני לי מי לי״.

ס׳איז געווען אָנהויב ווינטער, טויזנט ניינהונדערט דריי. איבער די לאָנ־דאָנער גאסן האָבן זיך שווער געלעגט פייכטע נעפּלען, אַזוי ווי אַ שוואַרצער דיקער וואָלקן וואָלט זיך מיט אַמאָל אַרונטערגעלאָזט און אַלץ איינגעוויקלט אין אַ שווערן גרויען אומעט. אַ ברוגזדיקער קאַלטער טאָג האָט פון די נעפּל־פלאַכ־טעס זיך אויסגעשיילט, מיט אַ בייזיקן פּראָסטיקן ווינט, וואָס האָט מיט צאָרן געבלאָזן און חוצפּהדיק געריסן יעדן די אויערן; פאַרלאָפן אין אַ זייט מיט אַ שאַרפן פייף, און מיט חוזק געפּאַטשט אין פּנים, אָנגעטראָגן אַלעמאָל פרישע אָפּגעריסענע קולות און זיי געשפּרייט אין אַלע עקן.

אין אַזאַ בייזן פרימאָרגן איז מדדכי שטיין מיט זיין פריינט שמואל געקו־מען פון אַ קליין פוילישׁ שטעטל קיין לאָנדאָן. דער טאָג איז געווען דורכגע־ווייקט מיט אַ פוילער נאַסקייט, און אויף אַלעם אויסגעגאָסן אַ מרה־שחורה. אַ שטראָם קאַלטע לופט האָט ערגעץ דורך אַ שפּעלטל הינטער דעם דינעם פאַלטן זיך פאַר׳גנב׳עט, און פון דאָרט איבערן גאַנצן לייב. אומרואיק און פינ־סטער איז ביי זיי געוואָרן אויפן הארצן. עס האָט זיך געפילט פריקרע און או־מעטיק. טרויעריקע האָבן זיי זיך געשלייכט איבער די רוישנדיקע ברייטע גאַסן פון ווייטשעפּל. אָפּגעהאַקטע קלאַנגען פון די צאַפּלדיקע מאַשינען אין די פאַב־ריקן האָבן זיך אַרויסגעריסן אין דרויסן און זיך צוזאַמענגעמישט מיט דעם איינטאָניקן געקלאַפּ פון די גרויסע שווערע פערד־פאָדקאָוועס, וואָס זיינען פונם ווינט־שטויס איבער ווייטשעפּל און קאָמערשל רויד ערגעץ־ווו ווייט אָוועק...

מ. שטיין איז געווען אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר פינף און צוואַנציק. הויך אין וווּקס מיט ברייטע שטאַרקע פּלייצעס, קליינע שפּיציקע שוואַרצע אויגן, און אַ גראָב דונערדיקער הוכער אויסשפּראַך וואָס האָט אים פיל געהאָלפן אין זיינע טעגלעכע האַנדלונגען. ער האָט געהאַט אַ טבע תּמיד צו דערציילן וועגן זיין רייזע קיין לאָנדאָן, מיט אַלע אירע פּרטים, און ביי יעדע געלעגנהייט באַרימען זיך, אַז זיין גאַנצער באַזיץ, ווען ער איז אין דעם אומהיימלעכן מאָרגן געקומען קיין ווייטשעפּל, איז געווען איין שילינג מיט צוויי פּעניס, און טאַקע גוט זיך אָנגעליטן. אָבער איצט נישט צו פאַרזינדיקן, אַ בעל הבית פאַר זיך, מיט אַ שיינער וואַרעמער היים און נאָך אַ שיין ווייבל... ווי זאָגט מען עס, ביזטו אין ענגלאַנד דאַרפסטו זיך אָנגליזירן, און דערביי ווערן שטאַרק באַגייסטערט פון זיך זעלבסט, און מיט זיין גראָב קול רעדן נאָך העכער און מיט מער פייער, אַז ער וואָלט בדעה געהאט עפּעס צו טון. אָבער דעם סוד וואָס ער וואָלט בדעה געהאַט צו טאָן, האָט ער קיינמאָל נישט געוווּסט. ער האָט אַרויסגענומען אַ פּאַ־פּיראָס, אַריינגעשטעקט אין אַ לענגלעכן בורטשינענעם ציגאַרעטן־האַלטער און פאַררויכערט. בשעת־מעשה געוואָרפן אַ מאָדנעם בליק אויף דעם עולם אַרום זיך, כדי צו זען דעם איינדרוק וואָס ער האָט געמאכט. ס׳האָט אויסגעזען ווי איינער וואָס שטעלט זיך אַליין פאַר: דאָס בין איך, אַ „סעלף־מייד מען״. לאַנג געצויגן די ווערטער סעלף... מייד... מען... דערמיט צו באַווייזן ווי ווייט ער האָט זיך שוין פאַרענגלישט.

זיינע לאַנדסלייט זיינען געווען פול מיט חידוש, וואָס מ. שטיין, נאָך גאָר אַ גרינער, עס איז ערשט אַ קנאַפּ יאָר זינט ער איז געקומען, און איז שוין אַ בעל־הבית פאַר זיך. עפּעס איז ער אַ בר־מזל. מחמת דעם האָט מען אים גע־רופן: דער הצלחה׳דיקער שניידער מייסטער אין די איסט ענד. זיין גרויסער אויפטו, אין קעגנזאַץ צו די אַנדערע יידישע בעלי־בתים, איז געווען וואָס ער האָט זיך געפירט אַנדערש. נישט געאַרבעט שבת און יום טוב. דערפאַר זיינען תמיד ביי אים געווען באַשעפטיקט בלויז צוגעפאָרענע יונגע לייט, די גרינע, אַממיינסטנס פון דעם פרומען עולם. הגם זיי האָבן אין אים נישט געפונען קיין וויככהאַרציקן היימישן מענטש, זיינען אַ טייל אָבער געווען צופרידן דערמיט, וואָס זיי האָבן געפונען אַ היימיש אָרט, און קענען פאַרברענגען די שבתים אויף אַ יידישן שטייגער. דאָ איז מען געווען צווישן אייגענע, אויסטוישן ערינערונ־גען, וועלכע האָבן זיך געצויגן פון דור צו דור. דערביי זיך דערמאָנען זאַכן, וואָס זיי האָבן שוין לאַנג פאַרגעסן. זינגען שטיקלעך פון באַקאַנטע חזנים, פאָלקס־לידער. דאָס האָט אויסגעפילט די לערקייט פון נע־ונד־זיין, און פאַר־בונדן זיי מיט איין גרויסע בענקשאַפט פאַר דער אַלטער היים...

מאָריס סטאָן, ווי ער האָט זיך איצט גערופן, איז מיט גאָר נישט צוריקגע־שטאַנען פון די אַנדערע בעלי־בתים לגבי די אַרבעטס שעה׳ן און די פּרייזן. און וואָס מער אַרויסהעלפער ער האָט באַשעפטיקט, אַלץ ווייניקער האָט ער אַליין געאַרבעט. פלעגט ער אין די וואָכנטעג זיך אַרומדרייען מיט פאַרלייגטע הענט אויף הינטן, אַ בייזער צווישן די אַרבעטס־טישן אין רוישיקע מאַשינען, און מיט, זיינע שפּיציקע שוואַרצע אויגן איטלעכן און אַלעם באַמערקן. צו די אַרבעטער האָט ער זיך באַצויגן ווי אַן אכזר, מיט אַ האַרטן און פעסטן ווילן. האָט ער געוואָרפן אַ בייז אויג אויף אימיצן, אָדער געוואָלט פּטור ווערן פון איי־נעם פון די אַרבעטער, פלעגט ער זיך באַנוצן מיט אַ כיטרען איינפאַל און אים זאָגן אין דער שטיל. אַלץ האָט ביי אים געמוזט זיין פיין, שטיל, נישט גע־היצט זיך. קיינמאָל נישט פאַר זייך אייגענער טובה, חס ושלום, אַלץ פאַרן אַר־בעטער, און מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן זאָגן: אייגנטלעך ביזטו ווערט מיט אַ פאָר שילינג מער פארן טאָג, נאָר איך קען נישט דערלייגן. דו ווייסט דאָך, אַז ביי מיר אַרבעט מען נישט שבת און יום טוב. זיין ברייטער שטערן האָט זיך שטאַרק גערינצלט בשעת טראַכטן פון עפּעס אַ געדאַנק, וואָס האָט אים די לעצ־טע צייט קיין מנוחה נישט געגעבן...

אין שול האָט מר. סטאָן געהאַט אַן אייגענע שטאָט (סיעט האָלדער) און איז מיט דער צייט געוואָרן אַן עוסק בצרכי ציבור, און אַ שטיקל בעל צדקה, אָבער נאָר פאַר די וואָס זענענגעווענזנוצלעך פאַר אים, כדי צו קריגן אַ גוטן נאָ־מען. פלעגט ווער קומען צו אים נאָך אַ נדבה אָדער אַ גמילות חסד, האָט זיין פנים אָנגענומען אַן ערנסטע מינע. די אונטערשטע ליפּ פאַרביסן ווי נישט אים מיינט מען, און גלאַט אַזוי, מיט זיין גראָבן קול פרעגן: וואָס? טון אַ טובה,

פאַרוואָס נישט. אַ גרויסער פראַגע־צייכן האָט אין דער רגע אויף זיין פּנים זיך אָפּגעשפּיגלט, ווי ער וואָלט וועלן דערגיין אויב ס׳האָט פאַר אים אַ נוצן. און־טערברומענדיק עפּעס אַ ניגון, וואָס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז ס׳ענדיקט זיך מיט „הללויה... הללויה״...

אין די יום־טוב טעג פלעגט מאָריס מיט זיין ווייב און דריי קינדער, צוויי יינגלעך און אַ מיידל, אויסגעפּוצטע מיט פּאַמעלעכע טריטלעך אַקוראַט מעשה נגיד, שפּרייזן איבער ווייטשעפּל. ער אינם גלאַנציקן צילינדער הוט, דעם נייעם פראַק מיט די געקעסטעלטע הויזן, ווייסע וועסט, און אַ שווערע גאָלדענע קייט האָט זיך ברייטלעך געלייגט אויף זיין קיילעכדיק בייכל.

חנה, זיין ווייב, נאָך אַ יונגע, פרישע פרוי, אַ הויכע פאַרשוינטע, מיט אַ רונד שיין פּנים, וואָס האָט זיך געדרויטעלט ביי יעדער באַגעגעניש מיט עמיצן, אָנגעטון אין איר שוואַרץ זיידן קלייד, מיט די גאָלדענע בראָשקע, וואָס איז געזעסן אויף איר פולן בוזעם, און צוזאַמענגעהאַלטן די פאַלדן פונם קלייד, וואָס האָבן זיך ווייך געלייגט איבער איר ברוסט. אירע פרויען פאַרמען פאַרקיילעכ־דיקט אָפּן עסטעטיש, האָט זי אויסגעזען ווי אַ לעבעדיקע בלום, וואָס האָט פאַר־שיינט זיין לעבן מיט איר חן און געשמאַק. אַן איידעלער טרויער האָט אַרויס־געקוקט פון אירע בלויע איינדרוקספולע אויגן, וואָס האָט איר צוגעגעבן אַ באַזונדערן צאַרטן רייץ...

די זון האָט הויך אין מיטן הימל זיך געשטעלט, עפּעס ווי נאָר צוליב זיי, און מיט גאָלד באַשיינטביידע זייטן גאַס. ס׳האָט אויסגעזען, אַז די מענטשן, הייזער און זון שושקן זיך בסוד: אָט גייט מר. און מרס. סטאָן, מיט זייערע קינדער, וואָס ס׳קאָסט זיי אַ שטיק גאָלד... אַ ברייט צופרידענער שמייכל האָט אויף איר פּנים פון אויער צו אויער זיך געשפּרייט, בעתן גריסן זיך מיט פריינט און באַקאַנטע.

מרס. סטאָן האָט שטאַרק ליב געהאַט אירע קינדער, און אַלע אירע טעג און יאָרן מקריב געווען פאַר זיי. תמיד אַרומגעטראָגן זייערע פאָטאָגראַפיעס אין איר „בעג״ (בייטל), און צו יעדער צייט גרייט געווען צו ווייזן זיי די שכנים. דערביי זיך געדרויטעלט פונם געדאנק, פון דעם כבוד און נחת, וואָס דערוואַר־טעט זיי. אַ קלייניקייט, אַזוינע געראָטענע קינדער. אַ שנירל טרערן האָבן זיך פאַר גליק ווי שיינע פּערל איבער אירע באַקן אַראָפּגעגליטשט.

ווי נאָר מאָריס סטאָן האָט צוזאַמענגעקליבן אַ ביסל קאַפּיטאַל, האָט זיך אים געגנומען חלום׳ען פון גרויסע פּלענער. ער האָט געקויפט אַ גרויס הויז אין העמפּסטעד, מיט אַ גרויסן שיינעם גאָרטן, און פון די שיינע אַלטאַנקע גע־מאַכט אַ סוכה, באַפּוצט און באַהאַנגען מיט רויטע עפּל און באַרן טאָקע פון זיינע אייגענע בוימער, וואָס איז געוואָרן אַ שם דבר צווישן זיינע לאַנדסלייט. זיין גרעסטער פאַרגעניגן איז געווען צו פאַרבעטן פריינט און באַקאַנטע, און זיי ווייזן די נייע דירה, וואָס ער באַנוצט אויף גאַנצע אַכט טעג. און פון זעלבסט־

צופרידנהייט מיט זיין הויך קול באַטאָנט: וואָס טוט נישט אַ ייד לשם טראַ־דיציע, און צו מאַכן די ברכה לישב בסוכה איז אויך עפּעס ווערט.

עס זיינען פאַרגאַנגען וואָכן און יאָרן. די קינדער זיינען אונטערגעוואַקסן. געשאַפן דאָס נייע געשעפט „סטאָן ענד סאַנס, עסטייט איידזשענסי לימיטעד". זינט דאַמאָלט האָט דער אַלטער סטאָן פון די זין קיין גרויס נחת נישט. ער וואָלט זיך פון זיי שוין לאַנג מיאש געווען, ווען נישט דאָס ביסעלע האָפנונג אויף שפּעטער (איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר), וואָס טליעט נאָך אין זיין האַרץ. אמת, אַז זיי פירן דאָס נייע געשעפט מיט קאָפּ און אַ פעסטער האַנט, און ער האָט לגבי דעם גאָר נישט וואָס זיך צו באַקלאָגן. דאָס איינציקע, וואָס ער איז באַאומרואיקט, וואָס ער זעט ממש ווי יעדן טאָג ווערן זיי אַלץ מער מיט־געריסן מיטן נייעם שטראָם און ווערן גיך אַריינגעצויגן אין דעם ברייטן האָ־ריזאָנט פונם רוישיקן לאָנדאָנער נאַכט־לעבן, וואָס איז נישט אין אָנקלאַנג מיט זיינע אָנשויאונגען. אויך די מוטער האָט נישט געקענט פאַרשטיין אירע קינ־דער, זיך שטאַרק מצער געווען, וואָס יעדער פארגאנגענער טאָג רייסט מיט אַ שטיק פונם נעכטיקן נחת, וואָס זי האָט דערוואַרטעט פון זיי צו האָבן. און זי דערפילט, אַז עפּעס אַ פרעמדקייט האָט זיך אַריינגעריסן אין איר פאַמיליען־לעבן. אין אירע אויגן האָט געברענט אַ צאַרנדיק פייער, וואָס האָט דערציילט, וואָס אין איר נשמה קומט פאָר...

מרס. סטאָן, אַ פאַררויטעלטע, איז געשטאַנען און באַטראַכט איר איינציקע טאָכטער, זיך ערשט אַרומגעזען, אַז זי איז שוין אויסגעוואַקסן און איז אַ שיין מיידל. מיט טרערן אין די אויגן האָט זי געפאַרשט וועגן אירע באַציאונגען מיטן יונגען קריסטלעכן דזשאָן, זייער אַקאונטאַנט (בוכהאַלטער), וואָס זי האָט געהאַט אַ חשד שוין פון לאַנג. מען האָט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין מיט וואָס דאָס שמעקט. און טאַטע־מאַמע האָבן געזוכט עצות, מיט וואָס דאָס אומגליק צו פאַר־היטן. מיט דעם מיידל איז געווען אונמעגלעך וועגן דעם צו רעדן. זי האָט באַין אופן נישט געקענט פאַרשטיין מיט וואָס זענען אירע ברידער און די אַנדערע יידישע בחורים אַנדערש ווי איר דזשאָן. עסן זיי דען נישט די זעלבע מאכלים אין די פאַרוויילונגס פלעצער ווי דזשאָן און אַנדערע און קיינער פון זיי האַלט נישט פון די אַלטע פאָרמען. האָט דען נישט דער קריסטמאַס־פּודינג־גייסט אַריינגעדרונגען כמעט אין יעדער יידישער היים... אַ קוואַל פון טרערן האָט פלוצלינג זיך אַרונטערגעלאָזט פון אירע שיינע ווייכע אויגן.

בייז און אויפגערעגט איז זי אַריין אין איר צימער, אַזוי ווי אַ פאַרעקשנט מיידל, וואָס גייט עפּעס אָפּטון אויף צו להכעיס אירע עלטערן. אָבער ווער קען וויסן וואָס איר נשמה האָט געליטן און געקעמפט מיט זיך, כדי אירע געפילן צו דערשטיקן. און ווי עס ווייזט אויס האָט זי צום סוף קיין כוח נישט געהאַט מער צו קעמפן, און חתונה געהאַט מיט דזשאָנען. דאָס האָט איר מוטער אין גאַנצן צעטרייסלט און ביי זיך געטראַכט: ווו איז די גרעניץ פון אָנגליזאַציע?

ניין, זי וועט קיינמאָל נישט זיין גליקלעך מיט אים. אין איר קאָפּ האָט זיך גע־נומען וועקן ערינערונגען וואָס זי האָט געהערט פון איר מוטער, און איר מוטער פון די באָבע, אַז עס איז שלעכט פאַר אַ יידישע טאָכטער חתונה צו האָבן פאַר נישט קיין ייד. פאַר אירע אויגן האָבן זיך פאַרגעשטעלט בילדער און סצענעס, וואָס האָט זי געמאכט נערוועז: סטייטש איר איינציקע טאָכטער, איר שוואַרצ־אַפּל פונם אויג... פאַרטראַכט פלעגט זי זיצן ביים פענסטער, פאַרלייגט די הענט און קוקן אויף די ברייטע כמעט אָן לעבן שטילע גאַס. אַ טיפע בענקשאַפט נאָך ווייטשעפּל. די יום טוב טעג, ווען זי פלעגט מיט די דריי קינדער שפּרייזן אי־בער די ענגע געסלעך אין די איסט ענד. זי האָט אָנגעהויבן פילן אַ מידקייט אין אירע גלידער, און פון שוואַכקייט געמוזט ליגן אין בעט. נאָך אַ לאַנגער קראַנקייט איז זי איינמאָל אין אַ פאַרטאָג געשטאָרבן.

פון דאַמאָלט אָן איז געוואָרן אַן איבערקערעניש אין מאָריס׳ שטוב. ער איז גאָר אַן אַנדערער געוואָרן, און ביי זיך געטראַכט ווי נאַריש דאָס אַלץ איז. אָט שפּילן זיך קינדער, עס שפּאַצירן יונגע לייט מיט מיידלעך. דאַכט זיך אַז ס׳האָט מיט גאָרנישט זיך געענדערט. און דאָך איז שוין פון יענער צייט אַריבער קנאַ־פּע פערציק יאָר. און ווי גוט איז אים דאַמאָלט געווען אין דעם נאַסן דורכגע־ווייקטן טאָג. קאַלט דורכגעפרוירן, אָבער יונג מיט אַ שטאַרקן בטחון. און איצט איז ער אַלט, צעבראָכן, די קינדער פאַרפרעמדט, זיין חנה געשטאָרבן. פאַר זיינע אויגן שטעלט זיך פאַר דער וועג, וואָס אויף אים הויבט ער אָן צו גיין. איינזאַם וועט ער זיצן אין זיין חדר. באַקאַנטע וועלן אים אַמאָל כלומרשט באַ־זוכן און באַדויערן, און דערנאָך וועט אַלץ זיין וואָכנדיק...

דער אַלטער סטאַן האָט אין דער לעצטער צייט אָנגעהויבן אַלץ אָפטער צו קומען צו זיין פריינט און לאַנדסמאַן, וועלכער האָט די גאַנצע צייט געוווינט אין ווייטשעפּל, און תמיד זיך באַקלאָגן אויף זיין איצטיקער לאַגע. זיינע רעיונות האָבן געוואַנדערט אין אַ ים פון ספקות. זיין שאַרפער שטריך ביי די ווינקלען פון זיין מויל האָט אויסגעזען שאַרפער און טיפער, בעת אַ שמועס מיט זיין אַלטן פריינט, ווען ער פלעגט זאָגן: האַ, מיר האָבן ביידע גוט אויסגעהאַנדלט אינם גאָלדענעם לאנד... די צוויי פריינט האָבן אַראָפּגעלאָזט זייערע גרויע קעפּ אויף זייערע ברוסטן און טיף געשוויגן.

אַ מוראדיקע איינזאַמקייט האָט אַרומגענומען זיין נשמה. שפּעטלעך ווי תמיד זיך אַוועקגעלאָזן אין דער טיפער שטומער נאַכט: וווהין? נאָך וואָס?... זיינע טריט האָבן אָפּגעקלונגען אויף די אַספאַלט טראָטואַרן, וואָס האָבן גע־פינקלט אין דעם בלאַסן שיין פון לבנה ליכט. און אים האָט זיך געדאַכט ווי זיי קלאַפּן צו צום טאַקט פון זיינע געדאַנקען: יאָ, גוט זיך אַרויפגעאַרבעט, זייער גוט זיך אַרויפגעאַרבעט...

נעבן דער רייכער גאַס שאַפּטסבורי עוועניו, שניידט זיך אַ שמאָל געסל, די גרויס ווי אַ קליין טל־ומטר אין אַ גרויסן סידור. דאָס אַפּאָלאָ טעאַטער און אַ שיך געשעפט טיילן זיך אָפּ פון עטלעכע הייזער, ביידע סיי דער טעמפּל פון קונסט און סיי דאָס שיך געשעפט, להבדיל, שמעלצן זיך צענויף אין איין גרויסע הינטער־וואַנט, וועלכע איז אַן אָנשפּאַר אין געסל פאַר פילע מוזיקער, וואָס קומען יעדן טאָג אויסצווייטאָקן זייערע מחשבות פון בעסערע צייטן, און די וואַנט זאַפּט איין זיך איין די גאַנצע פאַרביטערטקייט פון מענטשן מיט אַן אָפּגעשוואַכטן ווילן פאַר אַ בעסער לעבן.

ס׳וואָלט זיך געקענט אויסדוכטן, אַז אַרטשער סטריט האָט עפּעס אייגנאַרטיקס, וואָס ציט צו אַזוי פיל ליבהאָבער פון מוזיק. איז דאָס אָבער אַ קליין שמוציק געסל, מיט עטלעכע איטאַליענישע קאַפע הייזלעך, ווו עס זיצן בחורים און מיידלעך און חוזקן איבער זיך, און זייער הילכיק געלעכטער שפּאַרט זיך פון די הייזלעך אַרויס און אַחוץ די פאַרשידענע גוטע זאַכן וואָס מען קריגט דאָ, איז אויך אייז־קרים לרוב הפּנים, אַז די יידישע יוגנט זאָל זיך קענען קילען זייער הייסן און אומרואיקן טעמפּעראַמענט.

ביים אַריינגאַנג פון דעם געסל שטייט אַ קליין מענטשל. נעבן אים שטייט אַ קויש, וואָס איז כמעט די זעלבע הויך. אינם קויש ליגן אָנגעלייגט שקאַרמיצלעך מיט ניסלעך אין דער פאָרם פון אַ פּיראַמידע. ער שיקט נאָך אַ לויפנדיקן בליק יעדן פאַרבייגייער, און ציט אָן אַ רחמנות־מינעלע אויף דעם דינעם נעזל, אַז מ׳קויפט ביי אים די ניסלעך לשם מצוה.

צווישן די מיטאָג שעה׳ן וואַנדערן דורך גאַנצע אָרקעסטראָס און גלאָט גאַסן כלי־זמר און קינצנמאַכער, טייל זינגען לידער, שפּילן אויף פידלען און בלאָזן אויף מעשענע טרומייטערס. די לופט אין געסל ווערט אָנגעפילט פון פאַרשידענע קלאַנגען, וועלכע מישן זיך אויס מיטן גערויש פון דורכלויפנדע אויטאָס, און שווער באַלאָדענע וועגענער, שניידן דורך דאָס געסל, געשלעפּט פון גרויסע און שטאַרקע ראַסאָווע פערד. דער אָפּשלאָג פון די אייזערנע פּאָדקאָוועס, לאָזט איבער פאַרצווייפלטע עכאָס, וואָס בלייבן הענגען אין דער מידקייט פונם טאָג.

מיט יאָרן צוריק איז אַרטשער סטריט געווען דער גן־עדן פאַר יעדן מוזיקאַליש טאַלאַנטירטן מענטש בפרט און בכלל פאַר די יידישע יונגעלייט, וועלכע האָבן זיך מיט גרויס אימפּעט געוואָרפן אין די גוט באַצאָלטע אָרקעסטראָס פון דזשעז, דערנאָך פלעגן זיי האָפעדיקע קומען אין געסל, כדי יוצא צו זיין

און אַװעקגײן פרײלעך אונטערזינגענדיק אַ ניגון, װאָס די מאָדערנע װעלט שפּײט פון זיך אױס יעדן טאָג. האָבן אָבער די אומשטענדן געענדערט דעם גאַנג פון דער צײט און די װאָגנט שטײט װי אַ שטומער עדות און קלאָגט אויף דעם חורבן, װאָס די נײַע טעכניק האָט געשאַפן אין די מוזיקאַלישע װעלט.

אין געסל איז שטענדיק לעבעדיק, און ס׳דערמאָנט דאָרט אין אַן אויס־שטעלונג פון מאָדערנע בילדער, פון פאַרשידענע טיפּן, פאַרשידענע טעמפּעראַ־מענטן און װאַריאַציעס. אָט איז אַ יאָדערדיק יידל, קײלעכדיק װי אַ קלעצל מיט אַ באַשײדן גוידערל. ער איז אין אָרטשער סטריט באַקאַנט אונטערן נאָמען יאַנקל בלאָזאַק, װײַל זײַנע באַקן האַלטן זיך אין אײן אָנבלאָזן אױס געװוינהײט, מיט װעלכע זײַן פּאַך האָט אים דורך דער צײַט באַשאָנקן. יאַנקל בלאָזט אויף אַ סוזיפאָן, אַזאַ אינסטרומענט, װאָס בשעת ער זעצט אים אַרויף אויף זײַנע אַקס־לען, זעט ער אױס װי אַ באָק מיט געדרײטע הערנער.

מײקעל דער קרומער שלײכט זיך אומבאַמערקט אַרײַן אין געסל. פאַר־טראַכט שלעפּט ער זײַן טשעלאָ בײַ דער זײַט. אים רופט מען קרומער צוליב זײַנע פיס, װאָס זענען בײַ אים אױסגעבױגן, פון תמיד האַלטן דעם אינסטרו־מענט צװישן די קני; ער איז אַ בעל כעסן, מיט טיפע פלאַמנדיקע אויגן, װאָס נאָר זײ זוכן. דאָס פּנים איז אים בלאַס און דער שטערן שטאַרק צעאַקערט מיט בולטע צײכנס פון יאוש. ער האָט גרויס תרעומות אויף די װעלט פאַר זײַן גע־פאַלענעם שטײגער, און קען מיט איר באין אופן נישט שלום מאַכן און אויפ־נעמען די אַלע דיסהאַרמאָנישע קלאַנגען פון דער נײַער ריכטונג אין דער מוזיק. ער האָט אויך געװוּסט אַז אַ סך פון זײַנע חברים האָבן פײַנט די דזשעז בענדס, אָבער זײ באַלאַנגען צו דעם קלאַס מענטשן װאָס זענען צו אַלעם פּעאיק. די מענטשן קענען מיט קײן זאַך גרינדלעך זיך נישט אױסצײכנען. נישט מער, אַלע טוען אַזױ, דאַרף מען נישט בלײַבן הינטערשטעליק, אָדער עס לוינט זיך פשוט צוליב אײגענעם נוצן. האָט ער דערפאַר שטענדיק געטראָגן אַ שנאה צו קאָלעגן פונם געסל.

אין זײַנע יונגע יאָרן האָט מײקל זיך פאַרמאָסטן צו דערגרײכן דעם שטאַפּל פון באַרימטקייט, האָט אָבער די צײַט אים כמעט געבריינגט צו דער מדרגה פון שפלות. כאָטש ער אַרבעט שוין ניט אַ לאַנגע צײַט איז ער אָבער אינערלעך צופרידן צו שטײן דאָ אין אַרטשער סטריט, בײַ דער טרערן־װאָגנט. אַזױ אַרײַנ־געטאָן אין זײַנע מחשבות האָט אים אַממײנסטן געקװעלט װאָס עפּעס הײנט האָט זיך זײַן װײַב מילי געטוליעט צו זײַן ברוסט, װי זי װאָלט זיך באַהאַלטן פון עפּעס װעלכעס האָט זי געשראָקן; און ניט װײלנדיק האָט זיך אַ באַהאַלטענער נאָגנדיקער װײטיק פאַרגנבעט אין זײַן געדאַנק װעגן זײַן פרײַנט; אַ װײטיק װאָס האָט אים געמוטשעט מיט אַלע כחות. האָט ער אים געװאָלט פאַרטרײבן װי מ׳פאַרטרײבט אַ זלידנע פליג. װאָס פּלוצים די פאַרענדערונג? האָט ער זיך געפרעגט און געפילט, אַז ער װערט עפּעס פאַרטיפט אין אַ װעלט פון װעל־

כע ער האָט פריער ניט געוווסט. עפּעס אַן אכזריותדיקער טומעל האָט זיך צע־שפּילט אין זיין נשמה, און מאַטערט אים אָן אויפהער. פאַרשידענע געדאַנקען האָבן ווי בליצן אים דורכגעשוועבט. דאַכט זיך ערשט נעכטן האָט ער זיך אינם געסל מיט מילי באַקענט, און ווי שטאַרק ער האָט זי ליב געקראָגן. דאָס האָט אים אַ שאַרפן ווייטיק אין זיין האַרצן אַריינגעבויערט און ער האָט דערשפּירט אַ געפיל פון פאַרלאָרנקייט און אַרום אים איז אַלץ פּוסט און וויסט געוואָרן.

די חברה כלי זמר האָבן געהאַלטן מייקל פאַר אַ סימפּאַטישן און ליבן מענטש. וויסנדיק פון זיין נידעריקער לאַגע פלעגן זיי אים אָנבאָטן אַרבעט, וואָס זיי האָבן צופעליק געקראָגן. אָבער מייקעל, דער שטאָלצער מוזיקער, האָט אַלע מאָל מיט אַ האַנט־מאַך, אָפּגעוואָרפן זייער אָנבאָט און פעסטער זיך גע־שפּאַרט צו דער וואַנט, ווי צו קריגן אַן ענטפער אויף זיינע צעווייטיקטע מחשבות, און ווי פאַר׳שיכורט איז ער אַזוי געשטאַנען ביז עס האָט זיך אַריינ־געשניטן אַ שטיק נאַכט. אַוועקגיין פלעגט ער ערשט שפּעט און מיטנעמען מיט זיך אַ צעגאָסענעם שאָטן, ווי אַ שטומען עדות פון דער מוזיקאַלישער וועלט, וועלכע איז חרוב געוואָרן דורך דער נייער טעכניק.

.1

שוין אַ פּאָר שעה, ווי יאַנקל קאַמאַשן־שטעפּער, אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר צוואַנציק, ערשט נישט לאַנג ווי ער האָט חתונה געהאַט, זיצט פאַרטראַכט ביים פענסטער פון זיין שטיבל, וועלכעס שטייט נישט ווייט פונם טייך, און קוקט אין ווייטן מרחק אַריין, איינהערנדיק זיך צו די אָפּגעהאַקטע קולות, וואָס טראָגן זיך אין דער לופט.

דאָס פליוסקען פונעם וואַסער, וועלכעס פליסט דורך דעם שטעטל, האָט זיך היינט מער ווי אלעמאָל טיפער אין זיין זכרון איינגעקריצט. עס האָט זיך אים געדאכט, אַז ס'איז נישט דער זעלבער טייך, וואָס ר'איז פון קינדהייט אָן געוווינט געוועזן צו הערן, בשעת ער פלעגט אין די פרייע טעג זיצן ביים ברעג און זיך איינקוקן אין די צעריסענע שטיקער וואָלקענדלעך, וועלכע האָבן זיך געשפּיגלט אינעם שטילן פליסנדיקן וואַסער, אַז ס'פלעגט אים אַזש אָנכאַפּן אַ שטאַרקע בענקשאַפט נישט ווייסנדיק נאָך וואָס. ס'האָט אים היינט אויסגעזען ווי עפּעס אַ בייזער גייסט האָט זיך דאָרט באַזעצט, פליוסקעט און רוישט אָן אויפהער. אַ מורא'דיקע איינזאַמקייט האָט זיך געוויקלט אַרום זיין נשמה, פון אַ גאַנצע כוואַליע פאַרשידענע מחשבות, טראַכטנדיק, אַז יעדעס מענטשלעכע האַרץ איז אַ באַזונדערע וועלט.

פאַרטיפט אין זיינע רעיונות וועגן מענטש און זיינע פּירונגען, האָבן אים זיינע געדאַנקען געטראָגן ווייט, ווייט אַוועק אין אומבאַקאַנטע וועלטן אַריין. ער האָט פּלוצלינג זיך פון זיין פּלאַץ אויפגעהויבן און מיט אַן אומרואיקן געמיט געשפּרייזט איבערן צימער, אַזוי ווי ער וואָלט זיך געגרייט פאַר עפּעס, דערביי צו זיך אַליין געמורמלט: נישטאָ קיין סביבה, נישטאָ קיין סביבה... אַזוי, אַז זיין ווייבל, וועלכע איז געזעסן אין אַ ווינקל פאַרטיפט אין אירע אייגענע חשבונות זאָל הערן, איבער'חזר'נדיק די ווערטער: נישטאָ קיין סביבה, נישטאָ קיין סביבה...

נאָך אין זיין פריסטער יוגנט, ווי נאָר דער מוח האָט אָנגעהויבן צו אַרבעטן און דאָס האַרץ צו פילן, האָט דער קליינער יאַנקל זילבערשטיין, ווי מען האָט דאַמאָלט זיין פאַמיליע גערופן אינם שטעטל, געהאַט אַ טבע, בין מנחה למעריב אַריינשטופּן זיך צווישן יעדן רעדל יידן און מיט נייגער זיך צוהערן צו די נייעסן, וועלכע זיי האָבן געבראַכט פון די גרויסע שטעט. אָבער אַממייסנטן האָט אים אינטערעסירט צו הערן וועגן די גרויסע בעלי־המצאות, וואָס אַ חוץ דעם

וואָס זיי האָבן אויסגעקלערט מאַשינען, וועלכע גייען אויף פּאַרע און עלעקטריע, גרייטן זיי אויך איינצושפּאַנען די ווינטן, צו טון די אַרבעט פאַרן מענטשן... עס האָט אים עפּעס ווי מיט אַ באַזונדערן כוח געצויגן צו די גרויסע וועלט שטעט, צו זען די גרויסע אויפטואונגען; צו די גרויסע שיינע ליכטיקע גאַסן, מיט די גרויסאַרטיקע הייזער, מאַגאַזינען, שוי־פענסטער, ווו גאָלד און זילבער בלאַנקען אַקעגן די זון שטראַלען. עפּעס זיינען די שטעט ווי לאָנדאָן, פּאַריז, ניי יאָרק תמיד געשטאַנען פאַר זיינע אויגן און געוועקט ביי אים דעם חשק פאַר אַ ניי לעבן.

אַ שווערע מלחמה קומט אים אויס די לעצטע צייט צו האַלטן מיט זיך, נאָכדעם וואָס זיין יונג ווייבל האָט אים מיט אַזוי פיל צניעות מגלה געווען דעם סוד, אַז זי איז . . . דערביי שעמעוודיק אַרונטערגעלאָזן אירע שיינע שוואַרצע אויגן, טראַכטנדיק וועגן דעם וואָס גרייט זיך צו קומען... שטיל איז געווען אַרום, אַ שטילקייט וואָס דריקט אַזוי דעם מענטשן, וועלכע טראָגן ביי זיך אַ סוד טיף אין האַרצן. אַ טיפער קנייטש האָט זיך אויף איר פּנים געלייגט און אירע אויגן האָבן דערציילט פון פאַרגאַנגענע טעג. עס איז געווען שרעקלעך הייס דעם טאָג. דאָס זוניק־צעגליטע שטעטל האָט מיט די ערשטע באַרירונג פונם בין השמשות ווינטל זיך געקילט און געברענגט דערלייכטערונג אין דער לופט וואָס איז נאָך געווען שטיקענד און צופּאַרעט.

צו נאַכט איז נאָך ווייט, נאָר אינם שטיבל האָט זיך שוין געלייגט אַ גרויע טונקלקייט. לאַנגע שאָטנס האָבן זיך צעלאָזן איבערן שטוב און זיך געלייגט אין יעטוועדן ווינקל, וועלכעס האָט אויסגעזען פאַרזאָרגט און טרויעריק. זיין בליק איז צופעליק געפאַלן אויף זיין יונג ווייבל, אויף אירע ווייבלעכע פאָרמען, וועל־כע זיינען אין דער לעצטער צייט געוואָרן פאַרקיילעכט און אַנטוויקלט, האָט זי אין איר איצטיקער זיצנדיקער פּאָזע, צווישן ליכט און שאָטן, אויסגעזען באַזונ־דערס שיין און רייצענד... יאַנקל האָט אין דער רגע זיך קיין אָרט נישט געקענט געפינען. ער האָט אַ ברייטן שמייכל געטון און מיט כיון אין שטוב זיך אַרומ־געקוקט, מיטן געדאַנק וועגן עפּעס און פון וואָס צו רעדן. אָבער באַמערקנדיק איר בלאַס פּנים, אויף וועלכן עס איז געווען אויסגעגאָסן אַ מידע אָנגעצויגנ־קייט, און דאָס ציטערן פון איר יונגע ברוסט, וואָס האַלט זיך אין איין באַוועגן ביי יעדע אויפרעגונג, האָט אים געמאַכט אָפּהענטיק און ער האָט אויפגעצי־טערט פונם געדאַנק, וואָס ער האָט געטראַכט און מורא געהאַט אים אַרויסצו־זאָגן, כדי נישט אַרויסצורופן אַ שטורם.

דעם גאַנצן פאַרנאַכט, ביז שפּעט אין דעם פרימאָרגן אַריין, האָט יאַנקל געטראַכט וועגן זיין ווייב שרה. אַ שרעק איז אים באַפאַלן. דער קאָפּ הויבט זיך אים און ברענט דערפילנדיק אַז עפּעס האָט זיך אַריינגעריסן אין זיין גאַנצן געדאַנקן־גאַנג. אַז היינט וועט פאָרקומען דאָס וואָס מען וויל תמיד באַהאַלטן אפילו פאַר זיך אַליין, אַז היינט הויבן זיך אָן רייסן אַלע פעדים, וועלכע בינדן

אים צו צום לעבן אינם שטעטל, מיט די פּאָר הונדערט קליינע הייזקעלעך, האַלב איינגעפאַלענע, געשמיסן פון ווינט, רעגן און שוואַרץ פון צייט, וועלכע האָבן איצט אין זיינע אויגן אויסגעזען ווי עפּעס פינטלעך, צעשאָטן איבער אַ קליינעם שטח ערד, ווו אָרימע יידן טומלען זיך טעג מיט יאָרן, יעדער מיט זיין אייגן וועלטל...

שוין מיט אַ שטיק צייט צוריק האָט אין זיין מוח זיך באַזעצט דער געדאַנק צו זוכן זיין גליק אין די ברייטע גרויסע וועלט. אינם שטעטל, ווו ער האָט פאַר־ברענגט אַלע זיינע יאָרן, איז אים פּלוצלינג געוואָרן ענג, נישטאָ קיין סביבה, נישטאָ מיט וואָס צו אָטעמען. ס׳האָט אַרום זיין נשמה געשאַפן זיך עפּעס אַזוינס, וועלכעס ער וויל עס אַזוי נישט, דאָך מוז ער עס טון. ער מוז זיך שטאַרקן עס דורכצופירן. פאַרנומען מיט זיינע איצטיקע שווערע מחשבות, האָט יאַנקל זיל־בערשטיין אָנגעשריבן אַ פּאָר ווערטער, דערקלערנדיק אַז ער קען מער נישט בלייבן, אַז זיין באַשלוס צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל איז נישט קיין צופעליגער, נאָר געקומען שטופנווייז. וואָס האָט אים אַ סך אומרואיקע טעג מיט נעכט פאַרשאַפט...

עס איז געווען פאַרטאָגס, אינם חודש יולי, טויזנט ניין הונדערט פיר, ווען אין מזרח זייט האָט דער הימל נאָר וואָס אָנגעהויבן זיך רויטלען, האָט שוין אינם שטעטל זיך געקאָכט מיט דער נייעס, אַז יאַנקל קאַמאַשן־שטעפער איז פּלוצלינג נעלם געוואָרן. דער יונג, ווי דער עולם האָט אים איצט גערופן, מחמת דעם, וואָס באַלד נאָך דער חתונה פלעגן יעדן שבת נאָכמיטאָק ביי אים אין שטוב זיך צונויפקומען בחורים און מיידלעך, טרינקן סאָדע־וואַסער מיט סאָק, געקנאַקט ניסלעך און זיך געלערנט טאַנצן. טיילמאָל האָט זיך אויך אַריינגע־כאַפּט אַ טאַטנס אַ קינד, וועלכעס האָט גורם געווען דאָס דער פרומער עולם האָט אויף דעם קרום געקוקט. כאָטש עס איז געווען גאַנץ פרי און פינסטערלעך, די שטערן האָבן נאָך אַרויסגעשיינט פון צווישן די ריסן פון די גרויע וואָלקנס, האָט שוין די נייעס ווי אַ כישוף אַרומגעכאַפּט דאָס שטעטל.

אין מאַרק ביים צוזאַמענשטעלן די טישן, האָבן די ווייבער צווישן זיך גע־שושקעט: דאַכט זיך געווען אַזאַ שטילער, נו, גיי טרעף; די וועלט זאָגט אַ שפּריך־וואָרט, דאָס אַלע שטילע וואַסערלעך גראָבן טיף. אַ גאָטס רחמנות אויפן ווייבל נעבעך. אַ משוגעת זיך אַריינגעכאַפּט אינם שטעטל, האָט אַ יידענע מיט אַ רויט פאַרשוויצט פּנים אונטערגעכאַפּט, אַלץ לויפט, וווהין? צו וואָס? חיה־אסתר די עפּל־יידענע מיט אַן אויפגעוויירענעם בויך, האָט זיך מאָדנע פאַר־קרימט: „טפו!" האָט זי אַ שפּיי געטון, האָסט געהערט אַמאָל... אַלע מיינע וויסטע חלומות. דאָס וואָס ס׳האָט זיך מיר גע׳חלום׳ט די נאַכט און יענע נאַכט, זאָלן אויסגיין צו מיינע שונאים׳ס קעפּ. גע׳חלום׳ט האָט זיך חיה־אסתר׳ן זייער אַ סך, ווען די צוויי שוין אונטערגעוואַקסענע כלה־מיידלעך, חוץ קליינוואַרג, אַ קלייניקייט, אַז זי, חיה־אסתר, וועלכע שלעפּט זיך קוים אויף די פיס, מוז זיין די גאַנצע שפּייזערין.

די מאנסבילן מיט די טלית־ און תפילין־זעק אונטער די אָרעמס, זיינען אין מאַרק אין קופּקעלעך געשטאַנען, זיך גע׳חידוש׳ט, דערביי זיך געוויצלט, וואָס נאָך נישט קיין יאָר נאָך דער חתונה, ער איז באמת אַ גרויסער שוטה. אַנדערע האָבן געצויגן מיט די אַקסלען: ווייסעך וואָס, אַ יונגערמאַן, אין קאָפּ נאָך אַ ביסל ווינט, זיך גע׳מוח׳ט, היינטיקע צייטן... אַז אַלץ איז הפקר פּיעטרושקע. אַממיינסטן האָט זיך געהיצט יוסף קאָוואַל, אַ ברייטבייניקער ייד, מיט אַ צע־כראָסטעטע, שטאַרקע, האָריקע ברוסט, געשריגן מיט זיין גראָב קול: אַזאַ יונג, אַזאַ הולטיי, אַזעלכן וואָלט איך אין קייטן געברענגט צוריק! ער האָט אַ מאַך געטון מיט זיין שטאַרקע האַנט אין דער לופט, אַזוי ווי ער וואָלט זיך פאַר־מאָסטן מיטן האַמער אויף אַ פייערדיק שטיק אייזן. דערביי אַ שטאַרקן קלאַפּ געגעבן דעם אַלטן בערל שניידער אין פּלייצע: דאָס זיינען אַלץ דיינע בנים שולדיק. ווען גרייטסטו דו זיך צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל, האַ?... בלויז דער פּרו־מער עולם איז פון די נייעס געווען צופרידן, פטור געוואָרן פון אַ צרה! טאַקע דאָס שטעטל ווערט יידיקער, דערפאַר האָבן מיר אַ גרויסן גאָט.

די זון האָט אין דעם פרימאָרגן, ווי אָן חשק, פאַמעלעך פון אונטער די בערגלעך זיך אַרויסגעשאַרט און רויט צעבלוטיקט זיך, צעגאָסן איבערן הימל, באַשאָטן מיט גאָלד־שטויב דעם טייך, וועלכער פּליסט צווישן ברייט גרינע לאָנקעס און דערציילט סודות די באַגראָזטע ברעגעס.

עס האָט זיך געשטעלט אַ לויטערער טאָג, אַ טאָג וואָס איז פול מיט פרייד, וועלכער מאַכט פאַרגעסן פילע זאָרגן און דאגות. אָבער די נייעס וועגן דעם יונג איז ווי אַ פינסטערער קאָשמאַר איבערן שטעטל געהאָנגען; ס׳האָט אויס־געזען, ווי עפּעס אַ שוואַרצער נעפּל וואָלט זיך אויף דעם ליכטיקן טאָג פאַר־מאָסטן. איבער יעדער יידישער שטוב האָט געפלאַטערט עפּעס אַן אונהיימלעכ־קייט און יעדע טאַטע־מאַמע, וועלכע האָבן געהאַלטן ביים חתונה מאַכן זייערע טעכטער, זיינען אַרומגעגאַנגען און געזיפצט: היינטיקע צייטן... אַ הפקר־וועלט.

2.

געווען איז שוין אין מיטן הערבסט, ווען יאַנקל קאַמאַשן־שטעפּער, דער יונג, איז געקומען קיין לאָנדאָן. ס׳האָט פאַר די לעצטע צוויי־דריי טעג גע־שפּריצט אַ קאַלטער רעגן און געווייקט די רוישיקע שטאָט אין אַ טיפן אומעט. די כסדר לויפנדיקע באַנען, וועלכע זיינען געווען פול געפּאַקט מיט מענטשן האָבן אים באַטויבט. ער איז געבליבן שטיין אויפן וואָקזאַל אָן שום געדאַנק אין קאָפּ. ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז מענטשן ווערן דאָ פאַרלוירן, פאַרפאַלן, ווי אין אַ טיפן ים... ער האָט נישט ווילנדיק געטראַכט: האָט זיך דאָס אַלץ גע־לוינט, ווער ווייסט? כאָטש ס׳איז נאָך געווען פרי אין הערבסט פאַר לאָנדאָנער נעפּלען, דאָך האָבן זיך די טעג געהילט אין אַ געלבלעך שוואַרצער טונקלקייט. ס׳האָט ביי אים אַלץ אויסגעזען מאָדנע, דער שוואַרצער געדיכטער נעפּל און

דאָס קדחת׳דיקע יאָגעניש, שטופּעניש פון אַזוי פיל מענטשן האָט אים ווי צע־טומלט. אַ גליק וואָס שמואל, זיין יוגנט־חבר, האָט אים אויפן וואָקזאַל אין ליווערפּול סטריט דערזען און אים אַרויסגענומען פון אַ פאַרלעגנהייט.

געוווינט האָט יאַנקל די ערשטע צייט ביי זיינעם אַ לאַנדסמאַן, חיים פּרעסער, אַ ביסל אַן אומרואיקער, מיט אַ סך טענות צו דער וועלט. ער איז תמיד אַרומגעגאַנגען איבערן צימער, גערויכערט און גערעדט, אַז ער אַרבעט שווער און וואָס האָט ער דערפון? דערביי וויזנדיק זיינע שווער אויסגעאַרבעטע הענט, והא ראיה, זיין איצטיקער בעל־הבית שמואל, ווי ער רופט זיך איצט סעמי.

אמת, אַז לאַנג האָבן זיי ביי סעמין נישט געאַרבעט, מחמת יאַנקל זייענדיק אַ פּעהיקער מאַשינער און חיים צוליב זיין אַגרעסיווער נאַטור, האָבן זיי דאָס פּלאַץ פאַרלאָזט. עס איז לכתחילה געווען שווערלעך, אָבער צום סעזאָן האָבן זיי געקריגען אַ שטעלע אין אַ גרויסער פאַבריק, ווו יאַנקל איז געוואָרן דער הויפּט מאַשינער. אַזוי איז פון יאַנקל קאָמאַשן־שטעפּער, דער יונג, ווי די לאַנדסלייט האָבן אים נאָך אַלץ גערופן, געוואָרן דזשעק דער מעקעניק (מעכאַניק). ער האָט באַלד נאָכדעם אַריבערגעבראַכט זיין יונג ווייבל שרה, מיט אַ יינגל פון אַ יאָר אַלט. זייער נייע ווױנונג אין דעם „בילדינג״, ביי בראָד סטריט, וועסט, איז באַשטאַנען פון צוויי שטיבלעך מיט אַ קיכל, וועלכעס ער האָט געדונגען און אויסמעבלירט.

דאָס לעבן זייערס אינם בילדינג האָט מיט קיין סך זיך נישט אונטערגעשיידט פון די אַנדערע שכנים, וועלכע זיינען געווען מייניסטנס נישט יידן. כאָטש זי איז געווען אַ פרומע און עס איז איר נישט געווען צום האַרצן, וואָס איר מאַן מוז אַרבעטן אום שבת. דאָך האָט זי זיך צוגעוווינט צו דעם. איר איינציקע טרייסט איז געווען, וואָס זי קען ווי עס איז פאַר זיך אַריינברענגען דעם הייליקן שבת אין איר שטיבל, דערמיט וואָס זי האָט יעדן פרייטיק פאַרנאַכט אָנגעצונדן ליכט אין די פיר מעשענע לייכטער, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט פון דער אַלטער היים, וועלכע פלעגן שטיל און הייליק באַלייכטן איר וואָכנדיק לעבן.

און עס איז זיך געגאַנגען אַ טאָג נאָך אַ טאָג, אַ וואָך נאָך אַ וואָך. מרס. סילווערמאַן, ווי מען האָט איר איצט גערופן, האָט זיך מיט די אַנדערע פרויען אינם „בילדינג״ שנעל איינגעלעבט, צוזאַמען געפירט די קינדער אין סקול (שול). מרס. קראָס, איר שכנ׳טע, איר מיידעלע מיט העלע פלאַקסענע האָר, געפלאָכטן אין צוויי לאַנגע צעפּלעך, מיט גוטמוטיקע פריילעכע בלויע אויגן; מרס. סילווערמאַן, איר שוואַרץ־חנ׳עוודיק יינגל הערי, מיט געגרייזלטע שוואַרצע האָר און ברוינע לאַכנדיקע אויגן. די קינדער פלעגן זיך צוזאַמען שפּילן און די ווייבער האָבן געציילט די טעג און חדשים, נאָכן וווקס פון זייערע קינדער. טיילמאָל ווען ס׳איז געווען עפּעס אַן אַלגעמיינער יום טוב, פלעגט דזשעק סילווערמאַן אַ טראַכט טון וועגן זיין בן־יחיד, וועלכער וואַקסט אָן שום יידישע דערציאונג. אָבער עס האָבן זיך, ווי דער שטייגער איז, תמיד געמאַכט מניעות.

אויך איצט אין צווישן־דרין, האָט זיין ווייב געבוירן אַ מיידעלע. האָט מען אַזוי ווי אַלעמאָל די זאַך אָפּגעלייגט. ער האָט דערפילט, אַז ר׳איז אַריינגעקראָכן אין אַן אייביקן וואָכנדיקן לעבן אָן אַ ביסל פרייד.

מיטן אויסברוך פון דער ערשטער גרויסער וועלט מלחמה האָט זיך אויך אַריינגעריסן אַן ענדערונג אינם לעבן פון די שכנים. שרה האָט די ערשטע דערפילט עפּעס, וואָס מען קען אָנרופן שרעק. מיט דעם איז אויך געקומען אומרואיקייט. די באַליידיגונגען און מיאוסע באַמערקונגען פון די פרויען, וועל־כע זייערע מענער האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער אַרמיי, זיינען געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. כאָטש דזשעק האָט שוין פאַר אַ צייט לאַנג געאַרבעט אין אַ פאַב־ריק פון זעלנערישע בגדים. דאָך איז דאָס לעבן אינם בילדינג געוואָרן גע־שפּאַנטער און ביטערער. אַן אָנגעכמורעטער פלעגט דזשעק אַרומגיין און מורמלען: נישטאָ קיין סביבה, נישטאָ מיט וואָס צו אָטעמען.

עס זיינען פאַראיבער שווערע דריי יאָר, וועלכע האָבן איבערגעלאָזט ביי־טערע סימנים, וואָס האָט זיך שטאַרק איינגעגעסן אין זיין האַרץ. די „קאָנ־ווענשאָן" פון ענגלאַנד מיט רוסלאַנד, אינם יאָר 1917, האָט פאַר טויזנטער פאַ־מיליעס געשאַפן אַן אומרואיקע אַטמאָספערע. עס האָט אויסגעזען ווי עפּעס אַ שווערער פינסטערער נעפּל האָט זיך פלוצלינג אַרונטערגעלאָזט און זיי אַריינ־געוואָרפן אין אַ כאַאָטישן צושטאַנד. דזשעק סילווערמאַן איז פון די לעצטע נייעס און געשעענישן תמיד געווען אויפגערעגט. ער האָט זיך ווי פאַר עפּעס געגרייט, אַליין נישט וויסנדיק צו וואָס. נאָר אַז אַלע פאָרן וועט ער אויך פאָרן.

אַ גאַנצן טאָג, מיטוואָך דעם פינפטן סעפּטעמבער, איז געווען חושך ביי די סילווערמאַנס. די קינדער האָבן זיך אין די ווינקלען באַהאַלטן און געוויינט. אויך די פרויען וועלכע האָבן קרום און מיט פאָרוורף געקוקט אויף אים, האָבן דאָס מאָל זיי שטאַרק באַדויערט און מיטגעפילט מיט מרס. סילווערמאַן. עס האָט אָנגערוקט די נאַכט. איבערן הימל האָבן זיך אָנגעטראָגן שוואַרצע שווערע וואָלקנס, אַ שטאַרקער גאָס רעגן האָט פלוצלינג זיך אַרונטערגעלאָזט. בליצן ווי פייערדיקע שפּיזן האָבן געשניטן דעם שוואַרצן הימל און געוואָרפן ליכט־פאַסן אין דער נאַכט אַריין, מיט אַ מוראדיקער דונער רציחה. דורכגעווייקט פון רעגן האָט דזשעק מיט שנעלע טריט געשפּרייזט איבער די גאַסן צו יוסטאָן סטיישאָן, פאַרנומען מיט זיינע מחשבות, דאָס מענטשן דאַרפן אַנדערש לעבן אויף דער ערד, אַז די מלחמות ברענגען נאָר צרות אויף דער וועלט... ס׳האָט אים אַרומגענומען אַ גרויס רחמנות אויף זיין ווייב, וועלכע איז די לעצטע טעג אַזוי בלייך געוואָרן. אירע אויגן האָבן דערציילט פון נעכט אָן שלאָף, פון אומ־רואיקע טעג פול מיט ליידן... אויף זיינע קינדער, וועלכע ווערן איבערגעלאָזט אויף הפקר, איבערהויפּט אויף זיין בן־יחיד, וואָס דאַרף באַלד ווערן דרייצען יאָר. ער איז פלוצלינג געבליבן שטיין און מיט שרעק געפרעגט: ווהין ?... שפּעט אין דער נאַכט איז דזשעק סילווערמאַן צוריק אַהיים געגאַנגען

מיטן געדאַנק, אַז ער וועט קענען מאָרגן פאָרן.

די פאַבריק אַרבעטער האָבן זיך ממש דערפרייט, ווען דזשעק איז צו־מאָרגנס געקומען צו דער אַרבעט; אָבער אין זיין מוח האָבן זיך געפּיקט אַנ־דערע געדאַנקען. גראָד איצט הויבט זיך אָן אַ צייט אין וועלכער ער קען זיך צו עפּעס דערשלאָגן. אמת, אַז דער געדאַנק איז ביי אים נישט קיין נייער. אַ סך פרימאָרגנס פלעגט ער מיט זיין ווייב רעדן דערפון. אָבער אין דער שטורמדי־קער נאַכט, גייענדיק צום וואָקזאַל, איז דער געדאַנק ביי אים צייטיק געוואָרן.

מיט אַ צייט שפּעטער, ווען די לאַנדסלייט האָבן זיך דערוווּסט, אַז דזשעק איז געבליבן, האָט ער שוין געהאַט אַן אייגענע פאַבריק, אַ סך באַשטעלונגען, פון וועלכע ער איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג און איז ביסלעכווייז רייך גע־וואָרן. ווען די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט, איז שוין דזשעק סילווערמאַן גע־ווען שטאַרק באַוווּסט אין די „ביזנעס“־קרייזן. זיין מוח איז איצט געווען באַ־שעפטיקט פאַר עפּעס אַ פאַסיקע קאַריערע פאַר זיין זון הערי. ער איז אויך גע־וואָרן אַ מעמבער פון אַ גרויסער שול, דענקענדיק דורך דעם איינצופלאַנצן יידישקייט אין זיינע קינדער.

ווען הערי סילווערמאַן איז עלטער געוואָרן, האָט ער ביסלעכווייז פאַר־לוירן זיין אינערלעכע תמימות און אונשולד. זיין פּנים איז געוואָרן בלאַסער, מאָגערער, זיין בליק טרויעריקער. די סיבה איז אים קלאָר געווען: זייער שכנה׳ס טאָכטער פלאָרענס... ער ווייס אַליין נישט ווי אַזוי דאָס איז געשען, דאָס יעדעס מאָל ווען ער האָט זי דערזען, האָט ער זיך אָנגעהויבן רויטלען. ער האָט דערפילט, אַז זי הערט אויף צו זיין אַ נאָענטע, ווי אַמאָל ביים שפּילן זיך, זי ווערט עפּעס אַן אַנדערע. ער האָט זיך גע׳חידוש׳ט, אַז וואָס מער זי ווערט ווייטער פון אים, אַלץ צוגעצויגענער ווערט זי צו זיין האַרץ, אַלץ מער טראַכט ער און חלום׳ט וועגן איר.

אַלע אינם „בילדינג“ האָבן געקענט פלאָרענס דאָס פריילעכע מיידל. זי פלעגט אָפט אַריינקומען צו די סילווערמאַנס אין שטוב. דאָס איז געווען ווען זי איז נאָך געגאַנגען אין סקול. אָבער די לעצטע צייט האָבן זיינע עלטערן אָנ־געהויבן צו באַמערקן אַז עפּעס איז נישט גלאַטיק, עפּעס קומט פאָר, אַז אַלע־מאָל ווען הערי גייט אַוועק, איז פלאָרענס אויך נישט אין דער היים. מען האָט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין מיט וואָס דאָס שמעקט... אמת, זי איז טאַקע אַ שיין מיידל, אָבער ?... בלייבנדיק שטיין אַ ביסל פאַרקלערט, האָט ער זיך געווענדעט צו זיין ווייב: איך זאָג דיר, שרה, דאָס פון אַזעלכע זאַכן קומט קיין גוטס נישט אַרויס. זי איז נישט פאַר אים. פעלן יידישע מיידלעך? ער האָט אין אַ קורצע צייט זיך אַוועקגעצויגן, מיט אַן אָפּגעמאַכטן פּלאַן, צו מאַכן זיין בן־יחיד פאַר אַ חתן, ביז ער וועט זיך אַרויסשלאָגן די נאַרישקייט פון קאָפּ.

פון דאַמאָלט אָן איז דזשעק סילווערמאַן געוואָרן אַלץ אומרואיקער, ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן דאָס זיין אונטערגעוואַקסענע טאָכטער איז אויך געוואָרן

אַן אַנדערע. עס איז נישט מער דאָס קליינע מיידעלע וועלכע ער פלעגט אַזוי גערן הערן ווי זי פלעגט מיטזינגען מיט דער מוטער יידישע לידלעך. זי וויל איצט מער פון קיין יידיש וואָרט נישט וויסן! ער האָט דערפילט, אַז עפּעס רייסט זיך אָפּ ביי אים אין האַרץ, און צו זיך גערעדט: „עס איז דער אָנהויב פונם סוף!" דערביי זיך משונה דערשראָקן פאַר זיינע ווערטער, זיי זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן מיט אַ מאָדנער שטים. זיין ווייב שרה האָט זיך אַ טרייסל געטון אַזוי ווי פון קעלט. קוקנדיק אויף אים, אויף זיין בלייך פּנים און פינ־סטערן אויסזען, קענענדיק זיין האַרטן כאַראַקטער, וועלכער איז איינגעקנעטן טיף אין זיין האַרץ, און ספּעציעל זיין נייע אויפגעבלאָזענע גאווה, האָט זי דער־פילט אַז עפּעס איז פאָרגעקומען צווישן פאָטער און זון, עפּעס אַזוינס וואָס דער־ווייטערט איינעם פון אַנדערן. פאַרריכטן דאָס פאָרגעקומענע, פאַרטרייבן אָט דאָס וואָס האָט זיך אַריינגעגנב׳עט אין זייער לעבן, האָט זי נישט געוווסט מיט וואָס... איר איינציק געבעט איז געווען, אַז גאָט זאָל זיך מרחם זיין און זאָל די קינדערס האַרץ איבערקערן צום גוטן...

אַזוי האָבן זיך געצויגן טעג מיט חדשים. מר. סילווערמאַן איז געוואָרן אַלץ שוואַכער, אַ קרענקלעכע מרה־שחורה האָט אויף זיין פּנים זיך אויסגעלייגט. טיף אין זיין נשמה האָט זיך עפּעס געוויקלט פון וועלכן ער האָט מורא געהאַט צו טראַכטן. אַלץ האָט ביי אים אויסגעזען פאַרנעפּלט און נישט קלאָר. כאָטש דער טאָג איז געווען אַ שיינער און נאָך ווייט צו נאַכט, איז ער צוגעגאַנגען צום פענסטער, אַ וויש געטון מיט זיין ציטערדיקער האַנט די שויב. עפּעס האָט אים אָנגעהויבן ווערגן אינם האַלז. ער האָט דערפילט אַז ער פאַרלירט זיך אין גאַנצן. ער האָט זיך אַ טרייסל געטון און ווי אַ שווער שטיק בליי געפאַלן צו דער ערד. פון זיין מויל האָט עפּעס ווי אַליין זיך אַרויסגעריסן: עס איז דער אָנהויב פון סוף. נישטאָ קיין סביבה, נישטאָ מיט וואָס צו אָטעמען...

בערטאַ פינקל, אַ יונג ווייבל, ערשט נישט לאַנג נאָך איר חתונה, האָט אין אַ זונטיק, אויגוסט ניינצן ניין און דרייסיק, פאַרלאָזט לאָנדאָן, מיט אירע הויכע מויערן, שטיינערנע גאַסן און אומריינע לופט, און אַוועק צום ים, צו פאַר־ברענגען אַ פּאָר וואָכן אויף דער שויס פון דער פרישער און פרייער נאַטור. אַרום מיטאָג־צייט האָט דער צוג סאָפּנדיק זיך אָפּגעשטעלט אינם שטעטל מ. אַ כוואַליע פון מענטשן, יונג און אַלט, האָבן זיך אַ שאָט אַרויס געטון, מיט פּעקלעך און וואַליזקעס אין די הענט, זיך געלאָזט איבערן שטאָט צו די גאַסט־הייזער און האָטעלן. אויף דער פּלאַטפאָרמע איז געווען אַ געפּילדער, אַ ליאַרם. פרויען און קינדער האַלב נאַקעט זיינען געווען ברוין מיט אַ מאָמענטאַלן גלאַנץ, געבאָרגט פון די דערפרישנדע ים לופט, און ברענענדיקע זון. געקומען זיינען זיי ווער וועמען צו באַגעגענען, און ווער אויס לאַנגווייליקייט. פאַרן וואָקזאַל זיינען געשטאַנען אויטאָמאָבילן און דראָשקעס. מרס. פינקל האָט גענומען אַ דראָשקע און צוגעפאָרן צום גאַסט־הויז „סטריקט" כשר. אין דער זעלבער צייט איז מאַקס לעווענטאַל, אַ הויכער און ברייטבייניקער יונג פון אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק, אָנגעקומען מיט זיין אויטאָמאָביל. אָפּשטעלנדיק די מאַשין איז ער אַרויסגעשפּרונגען פון דער קאַר, און האַסטיק דאָס טירל הינטער זיך פאַר־קלאַפּט מיט אַזאַ גבורה, אַז די קאַר האָט זיך אַ שטאַרקן טרייסל געטון. צוויי פּאָר אויגן האָבן צופעליק זיך באַגעגנט ביים אַריינגאַנג אינם גאַסט־הויז, פלוצים זיך אָפּגעשטעלט און באַקוקט. עפּעס חיהשעס האָט זיך אין דער רגע צעשפּילט אין אַלע זייערע גלידער. דאָס גאַנצע הויז איז געווען פול מיט רעש, פון יעדן ווינקל האָט זיך געהערט דער גערויש פון פרויען קליידער, לייכטע טריט, און געקוויטש פון יונגע מיידלעך. יעדער איז געקומען צו פאַרברענגען אַ לוסטיק פריי לעבן. די איינציקע זאָרג איז געווען אויפצופּאַסן אויף דעם גאַנג (אַזאַ צימבאַל) וואָס האָט מיט זיין איינטאָניקן קלאַנג, פיר מאָל אין טאָג, גע־רופן די איינשטייער צום עסן...

אין דעם קליינעם גאַסט־הויז „סטריקט כשר" איז געווען פריילעך און היי־מיש. אינם אויסגעפּוצטן צימער זיינען געווען געגרייט צוויי לאַנגע טישן, חוץ קליינע טישלעך אין די ווינקלען. עס האָט געשמעקט מיט ריחות פון צעפּאַרע־טע און זון צעגליטע לייבער, פון פעטע יידישע מאכלים. אַלע האָבן געגעסן און גערעדט, גערעדט און געגעסן, קייענדיק הויך און באַוועגנדיק מיט די שלייפן, וואָס האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן, און אינאיינעם מיט דעם געקלאַנג פון גאָפּל־מעסער. די אָנגערויכערטע לופט האָט די שטוב איינגעהילט אין אַ שטייענדיקן

נעפל. מענער און מיידלעך האָבן איינס אויף ס׳אַנדערע געקוקט, מיט תאוה אין זייערע אויגן, אַז ס׳האָט זיך געדאַכט דאָס די איינציקע אויפגאַבע איז צו שעפּן וואָס מער פאַרגעניגן און שמחה. די שמועסן האָבן אָנגענומען פאַרשידענע פאָרמען. אַ קליין־געוויקסיק יידל מיט אַ קיילעכדיק געפּאַקט בייכל האָט זיך געוויצלט, און אַלעמאָל אויסגעשאָסן מיט אַ דיקן געלעכטער, אַז זיין קיילעכדיק בייכל האָט משונה זיך געשאָקלט. צווישן אַ גרופּע עלטערע יידן האָט מר. גרינ־בוים שטאַרק זיך געהיצט, דערביי וואַרפנדיק מיט זיינע לאַנגע הענט אויף אַלע זייטן. זיינע אויגן האָבן אויפגעפלאַמט פון צער און עקל אויף די איצטיקע אונ־ערהערטע אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע וואָס האָט זיך ווי אַ שוואַרצע מגפה לעצטנס פאַרשפּרייט. דאָס איז אַ גרויסער בזיון און חרפה פאַר די פרייהייטס־ליבענדע ענגלאַנד, און זיך צעשריגן: סטייטש אַזאַ חרפה! פאַר גרויס אויפרע־גונג האָט ער פאַרגעסן אָפּצוטרייסלען די קרישקעלעך פונם געשמאַקן מיטאָק וואָס האָבן געקלעפּט צו זיין גראָלעך בערדל, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן און אַראָפּגעלאָזט בשעת זיין ריידן. דער שמועס איז באַלד איבערגעגאַנגען וועגן די לעצטע נייעס, יאָ מלחמה, נישט מלחמה, און געהאַלטן געשפּאַנט יעדנס גע־דאַנק. אַ קאַלטער גרויל איז דורך דעם לייב טראַכטענדיק וועגן די צרות וואָס די מאָדערנע פּלי־טעכניק קען ברענגען די מענטשהייט... מוטערס האָבן טו־ליענדיק צו זיך איינגעקלאַמערט די קליינע קינדער אין זייערע אָרעמס, שרע־קענדיק זיך פאַר עפּעס שרעקלעכעס.

אין אַ ווינקל פון שטוב ביי אַ קליין טישל האָט אַממיינסטן זיך געקאָכט מאַקס לעווינטאַל, וועלכער איז געזעסן מיט עטלעכע יונגע לייט, פאַרטון אינם קאָרטן־שפּיל, דעם ראָק אויסגעטון. פון אונטער דעם דינעם ווייסן העמד האָבן זיך שאַרף געצייכנט געזונטע מוסקלען פון די הענט. זיינע רירעוודיקע שטאַר־קע פּלייצעס האָבן געררייצט און געצויגן צו זיך. ער איז געווען פון דעם טיפּ יונגע לייט, אַז ער קומט ערגעץ איז די גאַנצע שטוב פאַרנומען נאָר מיט אים. הגם ער איז ערשט היינט מיטאָק־צייט געקומען, האָט ער באַלד פאַרנומען אַן אָנגעזעען אָרט אינם גאַסט־הויז. אַ דרך ארץ האָט אַרויסגערופן נישט אַזוי ווייט צו אים, ווי צו זיין קאַר. אַרום דעם טישל זיינען געשטאַנען אַ סך מענטשן און אים מקנא געווען פאַר זיין גליק אין קאָרטן. קעגנאיבער איז האַלב געזעסן האַלב אָנגעלענט אויף אַ ווייכן גרויסן שטול מרס. פינקל, און ציניש באַמערקט אַז מען האָט גליק אין קאָרטן פאַרלירט מען אין ליבע. זי האָט איבערגעלייגט אירע האַלב נאַקעטע הענט איבערן קאָפּ העל ליכטיקע פאַרקעמטע האָר, אַזוי אַז אירע ברוסטן האָבן בולטער זיך אָנגעזען. דאָס פּנים פאַררויטעלט, האָט זי אין דער פּאָזע אויסגעזען ווי אַ שיין צעבליטער בוים אין הייסע זונען שטראַלן. פון אירע ווייכע האַלב פאַרמאַכטע מאַנדל־אויגן איז צוגעוואָרפן אַ שעלמישן בליק וואָס האָט אויסגעדריקט אומרואיקייט און ס׳האָט זיך געדאַכט אַז עפּעס אַ געהיימע קראַפט האָט זי אַזוי אַוועקגעזעצט...

מאַקס האָט די קאָרטן אַרויסגעלאָזט פון זיינע הענט. זיין געדאַנק איז געוואָרן פאַרשיכורט פון איינגעקנעטענע תאווה און מיט גיריקע בליקן זיך איינגעגעסן אין איר שיינע פיגור און רונדע היפטן, וואָס האָבן אים שטאַרק גערייצט און געמאַכט דאָס בלוט אויפזידן. אַ שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף זיינע פעטלעכע ליפּן און כמעט מיט אַ זינגענדיקן אונטערטאָן באַמערקט: היינט ביי קאָרטן, הינט, און מאָרגן אפשר ליבע, ווער ווייס. דערביי מעכאַניש געשאַרט צו זיך די קופּקעלעך געלד, און פאַר גרויס פרייד אויסגעשריגן: „מאַני פאָר דזשעמס" (געלט פאַר גאָרנישט). אַ פאַר'גנב'עטער קוק איז געפאַלן אויפן יונגען ווייבל וואָס איז איצט געווען פאַרנומען אין אַ שמועס מיט די אַנדערע פרויען, וואָס האָבן יעדע מינוט הילכיק זיך צעלאַכט.

ביסלעכווייז איז דער עולם זיך צעגאַנגען, ווער צום ים, אַנדערע אויסער דער שטאָט, אין די נאָענטסטע דערפלעך. מרס. פינקל, איבערגעטון אין אַ זיידן בלוי הימל־פאַרב קלייד, האָט פּאַמעלעך און ווי פאַרלוירן אַליין שפּאַצירט ביים ברעג, דערביי צווישן אירע פינגער געדרייט דאָס רויטע זיידן שירעמל. אַ לייכט ווינטל האָט געבלאָזן, געהויבן איר זיידן קלייד, וואָס האָט זיך געוויקלט אַרום אירע פיס. דער ים האָט אין דעם נאָכמיטאָק אויסגעזען העל גרין, די כוואַליעס האָבן מיט אַ ווייס זילבערנעם שוים געוואַשן דעם ברעג, טראָגנדיק גאַנצע הויפנס קליינע שטיינדלעך און זיי צוריקגעשלעפּט, דערביי געקאַרבירט פאַר מיילן דאָס גאָלדענע זאַמד. אירע מחשבות האָבן זיך ווייט, ווייט פאַרטראָגן און פאַרטראַכט געקוקט צום ברייטן האָריזאָנט, ווי הימל און ים זיינען איינס. נישט ווייט פון איר זיינען געשטאַנען גרופּן מענטשן ביי פאַרשידענע שפּילערייען. אַ געמישטער ליאַרם פון פריילעכקייט און לעבעדיקייט פון מיידעלשן און קינדערישן געקוויטש האָט אויסגעפילט די לופט. דער אָונט איז פּאַמעלעך צוגעפאַלן. אין מערב האָט די זון ווי אַ רויטער פייערדיקער באַלעם דעם הימל געצונדן.

מאַקס איז איר אַקעגן געקומען און מיט אַ זיס שמייכעלע זיך פאַרנייגט. דערביי באַמערקט: „וואָס עפּעס אַזוי פאַרזאָרגט און אַליין. קען איך אייך באַגלייטן?" אירע ליפּן האָבן אַ ציטער געטון, דאָס פּנים איז איר הייס געוואָרן. ס'האָט אויסגעזען אַז דאָס וואָס זי האָט געוואָלט זאָגן איז געבליבן הענגען אין דער לופט נישט דערזאָגט. מאַקס האָט געשווינד זיך באַקאַנט מיט מרס. פינקל, און אָפּגעמאַכט צווישן זיך צו פאַרגעסן דאָס לעבן פון פריער, מיט די אַלע אָנגענומענע פליכטן און פאַרשריפטן, און נאָר לעבן מיטן היינט. זי האָט אויפגעהויבן אירע לענגלעכע מאַנדל־אויגן צו אים און טיף אַריינגעקוקט אין זיינע שוואַרצע ברענענדיקע אויגן, זוכנדיק אַ תשובה אויף עפּעס וואָס זי האָט באַין אופן נישט געקענט משיג זיין. עס זיינען אַוועק שעה'ן פילנדיק זיך גליקלעך איינער נעבן צווייטן, און ס'האָט זיך אים געדאַכט אַז אָט־אָט וועט עפּעס געשען און די וואַנט וואָס שטייט צווישן זיי וועט פאַרשווינדן ווערן אַזוי שפּאַצירנדיק

ביז אין דער נאַכט אַריין. אַ שטיק לבנה ליכט איז אויף איר רונדע פיגור געפאַלן און זיך אָפּגעשפּיגלט אין איר פאַר׳חלום׳ט פּנים. זי האָט זיך שטאַרקער איינגעפלאָכטן אין זיין אָרעם, און מיט התפעלות אויסגערופן: „וואָס פאַר אַ פּרעכטיקע נאַכט״... אַזוי האָבן זיך געצויגן נעכט און טעג. נאָך די מיטאָק־שעה׳ן פלעגט מאַקס שפּילן אין קאָרטן, מרס. פינקל שטייענדיק האַרט ביי זיין זייט, האָט איר נאַקעטע האַנט אָנגעשפּאַרט אויף זיינע שטאַרקע פּלייצעס, פאַרגעסנדיק פון איר פריערדיקן לעבן, זיך געטרייסט וואָס עס זיינען דאָ אַ סך פרויען וואָס פאַרברענגען אַ לוסטיק לעבן ביים ים.

אין די אָוונטן פלעגן זיי פאַרברענגען אין די קאַפעס, טאַנץ־פּלעצער און אַלע מאָל אַרויספאָרן אויסער דער שטאָט. דאָך האָט עפּעס אומעטיקעס גע־דריקט, ס׳האָט זיך יעדן פון זיי געדאַכט אַז דאָס אַלץ איז נישט דאָס וואָס עס באַדאַרף צו זיין. איינמאָל גאַנץ אומדערוואַרט האָט ער זי פּלוצים ביי דער טאַליע אַרומגענומען. אַ שטראָם פון צערטלעכקייט און לאַשטשענדע ווערטער האָט ער געוומען שטאַמלען, זיך אַרומגעקוקט, און איר שטאַרק אָנגעהויבן קושן, נישט לאָזנדיק איר קיין וואָרט אויסריידן.

אַ קעלט און היץ איז איר דורכגעגאַנגען. זי האָט אָנגעהויבן טראַכטן פון איר מאַן, און ס׳האָט זיך איר געדאַכט אַז ער ווייס פון אַלעם. אַליין זיך באַ־שולדיקט אין קאָמפּלאָזיקייט. פאַרדעקנדיק דאָס פּנים מיט אירע הענט, איז זי געוואָרן באַוווסטזיניק אויף עפּעס וואָס מוז קומען און דערפילט ווי אַ קאַלטער שאַרפער רייף וואָלט זי צוזאַמענגעדריקט. שרעקלעכע געדאַנקען, גליענדיקע, האָבן אין איר קאָפּ זיך געפלאָנטערט, אַזוי ווי די מחנה קליינע מיקלעך וואָס פליען איר פאַר די אויגן וואָלטן זיך דאָרטן, אין איר קאָפּ, באַזעצט און געביסן. זי ווייס אַליין נישט ווי אַזוי עס איז געשען, עפּעס איז זי פון אַ כישוף פאַר־שיכורט געוואָרן.

אין די וואָכנדיקע טעג איז בערטאַ פינקל געווען פריילעך, געשטיפט, געפלוידערט און געלאַכט. נאָר זונטיק, ווען איר מאַן, וואָס איז געווען פיל על־טער פון איר, איז געקומען האָט איר אָנגעשטרענגט פּנים אַרויסגעצויגן אַ זויער מינעלע און דעם גאַנצן טאָג כמעט געזעסן אין שטוב אונטער פאַרשידענע אויסריידן. דאָס גאַסט־הויז האָט דעם גאַנצן טאָג אויסגעזען ווי אין טרויער. דער עלטערער עולם האָבן אַ ביסל אונטערגעמורמלט, נאָר יעדער האָט עוסק געווען אין הלכות הגוף און אַריינגעטון אין זיין אייגענעם פאַרגעניגן. צו־מאָרגנס זיינען אַלע געוואָרן געכאַפּט אין אַ נעץ פון אַ גאָלדענעם פרימאָרגן וואָס האָט געשמייכלט מיט זונענגלאַנץ, און דאָס גאַסט־הויז האָט ווידער אָנ־גענומען אַ פריילעכן אויסזען. פאַר בערטאַן איז דאָס געווען פול מיט לוסטיקע און זאָרגלאָזע טעג. נאָר אין די אָוונטן ווען די שטאָט מיט אירע געביידעס, וואָס האָבן חוצפּהדיק פאַרריסן דעם קאָפּ צום הימל, זיינען געוואָרן אין אַ טיפן שלאָף פאַרזונקען און פון דער גאַס האָט זיך דערטראָגן דאָס קלאַפּן צום טאַקט

פון עמיצנס פיס, וואָס קלינגט טעמפּ אָפּ אין דער שטילער נאַכט — פאַר איר זיינען דאָס געווען נעכט פון גרויס אָנגעשטרענגטקייט. אַ טיפער טרויער און אומעט האָט זי אַרומגענומען. בילדער פון איר לעבן שווימען פאַרביי פאַר אירע אויגן, שטעלן זיך אָפּ און זאָגן מוסר. זי האָט געזוכט צו פאַרטרייבן אירע מחשבות, וואָס מאַטערן זי אונאויפהערלעך, אָבער זי קען באיין אופן נישט פאַרגעסן דאָס וואָס זי וואָלט אַזוי גערן געוואָלט פאַרגעסן...

דעם לעצטן זונטיק פון דעם חודש האָט אינם שטעטל מ. געהערשט אַן אָנגעצויגענע שטימונג. ס׳האָט אויסגעזען ווי אַ געהיימע האַנט האָט אַ דריי געטון מיטן שוואַרצן צויבער־שטעקעלע און אַ בייזער ווינט איז געקומען און אַוועקגעבלאָזן די פריילעכקייט און לעבעדיקייט פון טויזנטער מענטשן, וואָס האָבן די לופט אויסגעפילט מיט געזאַנג און געלעכטער. דאָס פּלאַץ איז וואָס אַמאָל געוואָרן ליידיקער, מיילן פון גאָלד־זאַמד האָט זיך געשפּרייט אונטער די אויגוסט זון. מען האָט זיך פאַר עפּעס געשראָקן. יעדער האָט געקויפט די צייטונגען, ממש געכאַפּט פון די הענט, און צו צוויי מאָל איבערגעלייענט די מיט־טיילונג, דאָס אין אָוונט וועט די גאַנצע באַלייכטונג פונם שטעטל ווערן אויסגעלאָשן פאַר אַ געוויסע צייט. מר. גרינבוים איז ווי אַריינגעפאַלן אינם גאַסט־הויז מיט דער צייטונג אין האַנט און אויסגעשריגן: „ס׳האָט זיך אָנגעהויבן!״

דעם גאַנצן טאָג האָט דער הימל זיך געכמורעט און ס׳האָט געשפּריצט אַ דראָבנער רעגן. פאַרנאַכט־צו, ווען דער בין־השמשות האָט אַ לעצטן ציטער געטון און דער טאָג איז ווי עפּעס דורך כישוף אַוועק, אינם עס־צימער איז מיט אַמאָל געוואָרן האַלב טונקל, עס האָט זיך געפילט ווי די נאַכט גנב׳עט זיך נישט באַמערקטערהייט אַריין, פאַרגיסנדיק אַלעס אין איין שטיק פינסטערניש. פאַרטיפט אין זיינע אייגענע רעיונות האָט יעדער מיט אַ זיפץ זיך געשאַרט אין אַן אַנדער ווינקל און געוואַרט אויף עפּעס מיט געשפּאַנטע אויפרעגונג.

אויף דעם אָפּגערעדטן פּלאַץ האָבן מאַקס און מרס. פינקל, מיט טרערן אין די אויגן, זיך געזעגנט. זיי האָבן זיך צעקושט, זיך באַטראַכט און ווידער צעקושט. אַ פינסטערער געדאַנק האָט זיי געשטיקט און זיי האָבן געפילט ווי דער מלחמה גאָט מיט אַ פייערדיקער שווערד פאָכעט איבער זיי, טרייבט און יאָגט. און וויפיל זיי האָבן זיך באַמיט אַריינצוברענגען אַ טראָפּן קלאָרקייט אין זייערע טונקעלע געדאַנקען איז זיי אַלץ נישט געלונגען. אפילו דאָס ליכטיקע טישל ביי וועלכן זיי זיינען געזעסן איז מיט אַמאָל איינגעשלונגען געוואָרן אין עפּעס אַ חושך. ס׳איז געווען זייער ערשטער „בלעק־אויט״ . . .

גאַנץ פרי, ווען די גרויסע ריזיקע שטאָט האָט זיך פון איר שווערן שלאָף געוועקט און געמיינט אַז ס׳איז נאָך צו פרי און געוואָלט צוריק איינשלאָפן, איז יעקב זיידמאַן מיט זיין ווייב און דריי קינדער געקומען קיין לאָנדאָן. ער איז געווען אַ הויכער מיט אַ ביסל אַן איינגעהויקערטן גוף, גרויסע קיילעכדיקע שוואַרצע אויגן, אין וועלכע ס׳איז תמיד אין זייערע בליקן געלעגן עפּעס אַ נאַאיווע ווייכע גוטהאַרציקייט, וואָס האָט באַרואיקט יענעמס גרעסטן צער. האָט ווער זיך מיט אים דאָס ערשטע מאָל באַגעגנט האָבן זיך זיינע אויגן ברייט געעפנט, און ס׳האָט זיך אין דער רגע אויסגעדאַכט, אַזוי ווי זיי וואָלטן פון זיין קאָפּ אַרויסגעשפּרונגען. אַ ברייט צוקנייטשטן שטערן, פון וועלכן די נאָז זיינע האָט זיך אָנגעהויבן גלייך און ביים סאָמען עק זיך אַרונטערגעבויגן, ווילנדיק דערגרייכן ביז צו דער אויבערשטער ליפּ, וואָס איז געווען דיק באַוואַקסן מיט שוואַרצע לאַנגע האָר און שטייפלעך ביי די עקן מיט פּאָמאַדע איינגעדרייט. זיין גאַנצער פּערזענלעכער אויסזען און האַלטונג האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַן אינטעליגענטן מענטש.

קיינער פון די מיט וועלכע ער פלעגט האַנדלען האָבן ניט געוווּסט פון וואַנען און ווען ער איז געקומען. צווישן די שניידער־מייסטערס אין ווייטשעפּל און אַרום, איז ער בלויז געווען באַוווּסט אַלס „די פּוילישע וואָנצעס״, מחמת דעם, וואָס בשעת ער פלעגט קויפן פון זיי די „רעגס״ (שטיקלעך פון סחורה) האָט זיך זיי תמיד אויסגעדאַכט, דאָס זיינע וואָנצעס ווערן אַלעמאָל לענגער און שטייפער. זיידמאַן האָט אויך צוגעהאַנדלט מיט פאַרשידענע אַנדערע קליינר־קייטן, אָבער אַממיינסטן מיט שניידער־צודאַטן. האָט ער פאַרקויפט עפּעס, אָדער איינגעהאַנדלט אַ מציאה, האָט ער דערפון לאַנג געטראַכט, געצויגן די עקן פון זיינע וואָנצעס, אַזוי ווי ווען זיך אַליין באַהאַלטן אַ טיפן סוד. זיין פּנים האָט דערפון אַ גאַנצן טאָג געשמייכלט.

געוווינט האָבן די זיידמאַנס אין צוויי שטיבלעך מיט אַ „בייסמענט״ אין אַ קליין געסל אין ווייטשעפּל. אַ גאַנצן טאָג איז אינם געסל געווען אַ טומל, אַ רעש, ווייבער, מענער און קינדער האָבן געקויפט און פאַרקויפט פאַרשידענע זאַכן, האָבן געשריגן, געזידלט זיך גראָב, און איינער דעם צווייטן דעם ביסן פון מויל אַרויסגעריסן. מאָריס, אַן אונטערגעוואַקסן יינגל פון אַ יאָר דרייצען און דאָס קלענערע מיידעלע, פּעגי, זיינען נאָך געגאַנגען אין סקול, חוץ ביטרעס, אַ זיבעצן־יאָריק מיידל, אַ שלאַנקע, מיט אַ פּאָר פאַר׳חלום׳טע בלויע אויגן, וועלכע האָט זיך תמיד געקליידט ווי אַ מיידל וועלכע גייט אין אַ העכערע שולע

און געהאָפּט דאָס זי וועט ערגעץ אָנקומען, ווו זי וועט ווייטער פאָרטזעצן זיך צו לערנען. ביטערס איז געווען דאָס צירונג פונם געסל מחמת עפּעס אַ באַזונ־דערע ווייכע צערטלעכקייט איז געווען אויף איר אויסגעגאָסן.

די ערשטע יאָרן זיינען פאַר דער פאַמיליע געווען שווערע און שלעכטע. זיין ווייב, חנה־גיטל, וועלכע האָט געפירט אַ שיין באַקוועם לעבן אין דער אַל־טער היים, האָט זיך ניט געקענט איינלעבן מיטן רעש, טומל און אָרימקייט פונם געסל. אמת, אַז רייך זיינען זיי קיינמאָל ניט געווען, ווייט ניט רייך; אָבער דאָרטן האָט יעקב זיידמאַן געהאַט אַ גוטע שטעלע אַלס לערער אין אַ פּאַנסיאָן, חוץ פּריוואַטע לעקציעס וואָס ער האָט געגעבן. ס׳איז געווען אַ שטיל גליק־לעך צופרידן לעבן, אַ לעבן, וואָס איז אינטערעסאַנט. אָבער אין דער האַרצלאָ־זער גרויסער שטאָט שלעפּט ער זיך אַרום מיט די פּעקלעך אין פאַרשידענע וואָרקשאָפּן, צווישן רויע מענטשן, וועלכע מאַכן חוזק פון אים. היינט זיינע פאַרדינסטן משטיינס געזאָגט. ווען ניט איר מאָריס׳ל, וועלכער ברענגט אַהיים אַ פּאָר שילינג יעדע וואָך, פון משה בעל־גוף, אַ שווער־לייביקער מענטש, וועלכער האָט געהאַט אַ „סטאָל״ אינם געסל פון כל־ערליי זאַכן, ווי שפּיגעלעך, בייטעלעך, ספּינקעס, ביליקע רינגלעך, בראַסלעטן, פאָרצעלייענע זאַכן און פאַרשידענע אַנדערע קליינינקייטן; מחמת דעם האַנדל האָט דער שווער־באַוועג־לעכער משה שטאַרק זיך געגנויטיקט אין דעם קליינעם פלינקן מאָריס׳ל, ספּע־ציעל אין די זונטיק טעג. איר האַרץ האָט ווי געטון, וואָס איר קינד, נאָך גאָר יונג, דאַרף שוין טראָגן דעם עול פון דער שטוב. מיט ביטערע איראָניע פלעגט זי זאָגן; ווען נישט די פּאָר שילינג, ווער ווייסט, וואָס זי וואָלט געטון.

חנה־גיטל פלעגט דעם גאַנצן כעס אויסלאָזן צו איר מאַן און פאָרוואַרפן, אַז דאָ איז נישט וואַרשע, דאָרטן איז אויף אַלעם צייט געווען. אַז זיין נעלם ווערן אויף האַלבע טעג, ווי ער זאָגט, אין בריטישען מוזעאום, איז אַ לוקסוס, וואָס ער קען זיך באַין־אופן אין זייער איצטיקע לאַגע נישט דערלויבן. בעת אַזעלכע מאָמענטן פלעגט זי זיך צעוויינען און שרייען אַז אַלע צרות, וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט אין די אומבאַרמהאַרציקע שטאָט, איז אַלץ דורך אים... למאי זיי זיינען נישט געפאָרן קיין אַמעריקע, ווען אירס אַ קרוב האָט נאָך זיי געשריבן. דאָ איז זי פרעמד. דאָ ווערן מענטשן פאַרפאַלן, אַזוי ווי אַ שווערע זאַך אין אַ טיפן ים... ס׳האָט אין אַזעלכע מינוטן אין איר זיך אָנגעצונדן אַ ווילדער כעס, אויף אים געוואָרפן די גאַנצע שולד פון אירע און די קינדערס לײַדן זינט זיי זיינען געקומען קיין לאָנדאָן. איר איינציקער פאַרגעניגן איז געווען אין די שבתים, ווען אין געסל האָט אַ ביסל אויפגעהערט דער טומל, פלעגט זי זיצן ביים פענסטער און בלעטערן אינם פאַמיליען אַלבום פון פאָטאָ־גראַפיעס, וואָס זי האָט מיטגעברענגט פון דער היים, וועלכער איז תמיד געלעגן אויפן טיש, אַזוי ווי דער קרבן־מנחה סידור, וואָס איז שטענדיק געלעגן ביי איר באַבן אויפן קאָמאָד.



1

עס איז געווען אין יולי, טויזנט־ניינהונדערט־פיר, ווען איינמאָל, נאָך אַ הייסן זומער־טאָג, פון שלעפּן זיך מיט די פּעקלעך אויף די פֿאַרשידענע גע־דרייטע טרעפּ פון די וואָרקשאָפּס אין די געסלעך פון ווייטשעפּל, איז יעקב זיידמאַן, אַ מידער און דערשלאָגענער, מיט פּאַמעלעכע טריט אַהיים געקומען. די זון האָט זיך שוין געזעצט און געקוקט צו מערב, אָנגעצונדן אַ שטיק הימל און דאָרטן זיך געפּאָרעמט ווי אַ רויט אָנגעגליטער קופּערנער בעקן, וואָס האָט דעם טייל הימל פייערדיק געסטראַשעט. מיט אַ באַשווערטן מוח פון אַ סך מחשבות, וואָס האָבן זיך געפּלאָנטערט אין זיין געדאַנק, האָט זיידמאַן אַ פּאַר־טראַכטער געשפּרייזט אין דעם אויסגעבריטן פּאַרנאַכט.

עס טויכן פּלוצלינג אין זיין זכרון אויף יאָרן, לאַנג פאַרגעסענע, יונגע, צאַפּלדיקע יאָרן, ווען ער אַלס אַכצן־יאָריקער בחור, דער איינציקער זון פונם גביר ר׳ ברוך זיידמאַן, אַ חסידיש יחסנ׳דיקע משפּחה, פון אַ קליין שטעטל אין פּוילן, האָט פאַרלאָזט זיין רייכע היים; ער דערמאָנט זיך, ס׳איז דעמאָלט פּונקט אַזאַ פרעכטיקער פייערדיקער זונען־אונטערגאַנג געווען, ווען ער איז געקומען קיין וואַרשע שטודירן. דאָס האַרץ האָט געצויגן צו אַלץ, וואָס איז שיין און יונג; ס׳איז געווען אַזוי גוט אויף דער נשמה. אַ שמייכל האָט זיך איבער זיין פּנים געלייגט, טראַכטנדיק פון די טעג, ווען ער האָט זיך מיט חנה־גיטלען באַקענט. זי איז געווען אַ טאָכטער פון אַ פאַרמעגלעכן בעל־הבית, צו וועלכן ער פלעגט קומען געבן לעקציעס צו זיינע קינדער. זי איז דעמאָלט געווען אַזאַ לעבעדיקע און פריילעכע, ליב געהאַט צו פאַרברענגען, צו שפּאַצירן ביז אין די שפּעטע שעה׳ן פון דער נאַכט... איי, איז דאָס אַ פריילעכע און אינטערעסאַנטע צייט געווען.

פאַרטיפט אין זיינע רעיונות וועגן לאָנדאָן בכלל און זיין איצטיקן מסחר בפרט, איז אים געקומען אויפן געדאַנק אַמעריקע, וואָס ער האָט שוין אייניקע מאָל אַליין ביי זיך געפרעגט. אָבער מיט וואָס. אמת, דאָס זיינע פאַרדינסטן זיי־נען אַזוי קליין, דאָס ס׳איז אים סיי ווי סיי קיין אונטערשיד נישט אין וועלכן ווינקל פון די גרויסע וועלט ער זאָל פאַרוואָרפן ווערן... נו, אין אַמעריקע איז דען בעסער, ווער ווייס? פאַרוואָס טאָקע ניט פאַרבלייבן אין לאָנדאָן, אַ מענטש דאַרף זיך דאָך ווי פאַראַנקערן... אָבער ווי אַזוי? אויף זיין שטערן האָבן זיך געצייגט קנייטשן. אייניקע מינוטן איז ער געבליבן שטיין. אַ שרעק איז אים באַפאַלן, קלערנדיק וועגן זיינע קינדער, וואָס וועט פון זיי ווערן? מאָריס, זיין זון, נאָך גאָר יונג און פּלוצלינג... אויסגעוואַקסן געוואָרן! קומט אַהיים שפּעט אין דער נאַכט און ווערט מיט אַ שנעלן אימפּעט אַריינגעצויגן אין אַ לעבן, וואָס איז געגן זיין ווילן. אַממיינסטן האָט ער זיך געוווּנדערט אויף זיין ווייב, חנה־גיטל, וועלכע איז גלייכגילטיק צו דעם אַלעם. ער האָט זיך גע׳חידוש׳ט; תמיד איז זי געווען אַזאַ לעבעדיקע, פריילעכע מוטער, וועלכע פלעגט מיט מסירות־נפש אויפפּאַסן אויף יעדע קלייניקייט פון די קינדער. איצט גייט זי

אַרום ווי אַ שאָטן, בייז אויף זיך, אויף אים, אויף אַלעס און אַלעמען... האָט ער זיך דען אַנדערש געקענט העלפן ?... ער האָט מיט זיינע דינע פינגער געצויגן זיין לינקע וואָנצע, אַזאַ טבע האָט ער געהאַט, בשעת אַ טיפן ענין צו ציען זיין לינקע וואָנצע.

פאַר זיינע אויגן שווימט פאַרביי יענע טרויעריקע נאַכט, ווען ער האָט מיט ווייב און קינדער געמוזט איינמאָל אין אַ פאַרטאָגס אַלץ איבערלאָזן און אַנט־לויפן. אפשר איז חנה־גיטל גערעכט, וואָס זי זאָגט, דאָס אַ מאַן פון קינדער מוז זיך אָפּגעבן רעכנונג וועגן זיינע האַנדלונגען... אָט די אַלע איבערלעבונגען פון די לעצטע צייט, האָבן איצט פאַרנומען זיינע געדאַנקען. און אַלץ צוליב וואָס ? בלויז דערפאַר, וואָס כ'בין אַ באַוווסטזיניקער אָנהענגער פון סאָציאַלע גערעכ־טיקייט און דענק, דאָס אַנדערש דאַרפן די מענטשן זיין, און אַנדערש דאַרפן מענטשן לעבן !...

אַ מוראדיקע איינזאַמקייט האָט אַרומגענומען ויידמאַנס נשמה. ער האָט צו זיך אַליין גערעדט : לאַנדאַן איז שווער צו פאַרשטיין ; זי פאַרנעמט אַ גרויסן שטח, איז די גרעסטע און רייכסטע שטאָט אין דער וועלט, דאָך זעט מען אין ערגעץ ניט אַזאַ גרויס אָרימקייט. היינט דאָס לויפעניש, דאָס קדחת־יאָגעניש פאַר דעם שטיקל פרנסה ! צוליב וואָס איז דאָס אַלץ ? האָט ער זיך געפרעגט. די וועלט איז דאָך אַזוי שיין, גרויס און פריי, אַזוי פאַרבנרייך און אין דעם מענטשנס האַרץ איז אַזוי ענג... אַזוי ענג... אַ נאַרישן ביטערן ענגען לעבן האָבן די מענטשן באַשאַפן... פון די פילע פראַגן פלעכט זיך ביי אים אויס אַ נעץ, אַ שרעקלעכע טיפע נעץ, ער דערפילט דאָס ער פלאָנטערט זיך אין דעם נעץ פון מחשבות און קען קיין ענטפער ניט געפינען. זיינע ליפן האָבן שטיל געשעפּ־טשעט : וואָס טוט מען ? וואָס טוט מען ?

מיד פון אַרומשלעפּן זיך מיט די שווערע „באַנדעלס" פון שניידער־צו־דאַטן, אין דעם ברענענדן הייסן טאָג, איבער די נאָך הייסע ווייטשעפּלער טראָ־טואַרן, האָט יעקב ויידמאַן צופעליק באַגעגנט זיינס אַ בן־עיר, נאָטע, הערש־בער טרעגערס אַ זון. ער איז געווען אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר עטלעכע־צוואַנציק, קליין אין וווקס, אַ ברייטפּלייציקער, מיט בלויע ברילן און תמיד געטראָגן אַ בוך אונטערן אָרעם מעשה אינטעליגענט. דאָ אין ווייטשעפּל האָבן זיינע באַ־קאַנטע, וועלכע ער האָט געהאַט אַ סך, אים אַ צונאָמען געגעבן נאָטע קאָפּ־מענטש, מחמת דעם, וואָס ביי דער אַרבעט פלעגט ער תמיד דרייען אַ קאָפּ מיט פּאָליטיק און יעדן טאָג ברענגען אַנדערע נייעסן, וואָס ער האָט געלייענט אין דער צייטונג, באַנוצנדיק אָפּט ווערטער, וועלכע ער האָט אַליין ניט פאַרשטאַ־נען, און פון יעדע קליינינקייט זיך אויפרעגן. קיין זאַך האָט אים ניט אַזוי אַרויס־געברענגט פון די כלים, ווי אַז איינער האָט זיך אַרויסגעוויזן העכער פאַר אים, בשעת די דעבאַטן, וועלכע ער פלעגט אָפּט פירן.

בטבע איז נאָטע געווען אַ מענטש מיט אַ גוט האַרץ און אַ פילנדע נשמה.

דאָס טרעפֿן זיך פּלוצלינג מיט אַזאַ חשובֿן לאַנדסמאַן, האָט אים אין דער ערש־טער רגע ווי צעטומלט און ער האָט פֿאַרווונדערט אויסגעשריגן: האַללאָ: יעקבֿ זיידמאַן אין לאָנדאָן, „ווהאָט אַ סורפּרייז!‟ אַ ווײַלע זײַנען זיי געבליבן שטיין אָן ווערטער, ווי זיי וואָלטן זיך דערשראָקן פֿאַר דעם „סורפּרייז‟, נאָר באַלד האָבן זיי זיך צורעדט וועגן אַמאָליקע יאָרן אינם שטעטל, ערינערונגען פֿון פֿרײַלעכע גוטע צײַטן און אַ סך, אַ סך אַנדערע זאַכן... ווען דער געשפּרעך פֿון זייערע ערינערונגען איז אַריבער, האָט נאָך אים פֿאַרוואָרפֿן מיט צענדליקער פֿראַגן, ווען ער איז געקומען, דורך וועלכע גרעניץ ער איז געפֿאָרן, ווי אַזוי ער קומט אין ווײַטשעפּל. די לעצטע פֿראַגע איז ווי געבליבן הענגען אין דער לופֿט, דורך אַ מאַך פֿון זיידמאַנס האַנט, ווי איינער זאָגט: נישטאָ פֿאַרוואָס צו זײַן איבערראַשט... און מיט אַ שטילן טאָן געזאָגט: אָט זעט איר דאָך, מען שלעפּט זיך מיט די פּעקלעך איבער די ווײַטשעפּלער וואָרקשאָפּס, אַרויף אויף שטיגן און אַראָפּ די שטיגן; גאַנץ ווײַטשעפּל איז פֿול מיט שטיגן.

נאָך דעם וואָס נאָטע האָט זיך דערוווסט מיט וואָס זײַן לאַנדסמאַן פֿאַר־נעמט זיך, האָט ער אין די ערשטע צײַט זיך באַמיט מיט עפּעס צו העלפֿן; שאַפֿן אַדרעסן פֿון פֿאַרשידענע פּלעצער, רעקאָמענדאַציעס צו בעל־מלאכות, אויסלייען אַ פּאָר פֿונט אין אַ שלעכטע צײַט. מחמת דעם איז ער געוואָרן אַן אָפֿטער אַרײַנגייער צו די זיידמאַנס. צו זייער שווער טרויעריק לעבן איז צוגע־קומען נאָטע, וועלכער פֿלעגט ווי מיט אַ טייפֿלישן כּיון שוין צו אָפֿט אַרײַנ־קומען. די פֿאַמיליע האָט פֿון פֿאָרויס דערשפּירט ווען ר׳קומט. ער פֿלעגט ניט פֿיל מקפּיד זײַן אויף דעם „קאָם־אין‟, נאָר אַזוי גלאַט אַרײַנגעטענצלט, גלײַך ווי גאָרניט, געקלאַפּט חבר׳יש זײַן לאַנדסמאַן איבערן פּלייצע: נו, נו, ניט גע־זאָרגט, ס׳וועט זײַן אָל־רײַט... „ווי וויל סי, ווי וויל סי‟ (מיר וועלן זען). אַזאַ טבֿע האָט ער געהאַט דאָס בשעת רעדן מיט עמיצן, ספּעציעל מיט איינעם וואָס איז ניט לאַנג געקומען פֿון דער אַלטער היים, גוטמוטיק אים קלאַפּן איבערן פּלייצע און רעדן בלשון־רבים, „ווי וויל סי‟ און אין דער זעלבער צײַט אַרײַנ־וואַרפֿן אַ פּאָר היגע ענגלישע ווערטער, צו ווײַזן דאָס ער איז ניט אַבי־ווער.

די צײַט האָט זיך געצויגן און די אָוונט וויזיטן זײַנען געוואָרן אַלץ אָפֿטער, תּמיד מיט עפּעס אַ נײַעס, אָדער אויסרייד. די שמועסן וועגן די געשעענישן פֿון טאָג איז ווייניק געקראָכן נאָטע׳ן אין קאָפּ. ער פֿלעגט זיצן און קיין אויג ניט אַראָפּנעמען פֿון דעם יונגען מיידל, וועלכע איז פֿאַר די לעצטע צײַט שטאַרק אויסגעוואַקסן. איר שלאַנקע שיינע פֿיגור און פֿולער בוזים האָבן באַהערשט אַלע זײַנע חושים. געוואָלט האָט זיך אים מיט איר רעדן פֿון אַ סך, אַ סך, וואָס דריקט זײַן האַרץ. אָבער די פֿרײַלעכע ביטרעס האָט מיט איר שעלמישן געלעכטערל אַלעמאָל דאָס אויסגעמיטן.

די אָפֿטע באַזוכן פֿון נאָטע׳ן זײַנען זיידמאַנען געוואָרן דערווידער. אויס אַלטער געוווינהייט פֿלעגט ער ציען נערוועז דעם לינקן עק פֿון זײַן שפּיציקער

וואַנסע, אָדער בייסן דעם עק פון זיין בלײשטיפט, בעת די שמועסן. מיט אַ פינסטער פנים וואַרפן בליקן אויף זיין ווייב, וועלכע איז תמיד געזעסן אַ באַזאָרגטע און צירעוון זאָקן, אָדער טון אַנדערע נויטיקע זאַכן. פאַר חנה־גיטל׳ן אָבער, זיינען די אָוונט־באַזוכן געווען ווי אַ דערלייכטערונג, וואָס זי האָט געהאַט די מעגלעכקייט אויסצודריקן אירע געפילן, וואָס באַשווערט איר לעבן אין דער גרויסער שטאָט. אויף איר בלאַסן פנים האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל און אַ ביסל פאַרשעמט זיך אָנגערופן: עפּעס איז לאָנדאָן אַ מאָדנע שטאָט, נאָר מען לויפט, מען יאָגט זיך... און אַזוי אַריינגעטון מיטן לייב און נשמה אין דאגת פרנסה, דאָס מען זעט ניט ווי די יאָרן לויפן אַריבער... איר הערט, מר. נאָטע, ביי אונז גייט אַרום אַ ווערטל, וואָס גרעסער די שטאָט, אַלץ גרעסער דער דלות! איר קענט זיך פון דעם ניט באַפרייען אפילו אויף איין מינוט... דאָס ענגשאַפט אין שטוב און די קולות אינם געסל איז ניט אויסצוהאַלטן. דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, דאָס ס׳וועט זיך אַזוי אויסלאָזן. ווי פלעגט מיין מוטער זאָגן: אַז ס׳איז ניטאָ קיין מזל, העלפט קיין חכמה ניט.

אין אַזעלכע מאָמענטן פלעגט זיידמאַן זיצן און טראַכטן וועגן זיין לאַגע. ער האָט דערפילט דאָס ער איז געבליבן הענגען אין דער לופטן אָן אַ פעסטן באָדן אונטער זיינע פיס. דאָס מסחר זיינס האָט ער פיינט געהאַט. זיין איינציקע טרייסט איז געווען די גרויסע ביבליאָטעק אין בריטישן מוזעאום, ווו ער פלעגט זיין צער און טרויער איינגראָבן אין דעם ים פון די גרויסע בייכיקע ביכער. ער האָט זיך גע׳חידוש׳ט, וואָס מיט אַ פאָר יאָר צוריק האָט אים געצויגן קיין לאָנ־דאָן, צו דעם לאַנד פון שעקספּיר, מילטאָן, דאַרווין; פילט ער איצט אַז ס׳האָט זיך אין אים דערוועקט אַ פאַרלאַנג זיך אָפּצוטראָגן פון דאַנען, וואָס גיכער, אַוועק, אַנטלויפן ווו דער פעפער וואַקסט.

נאָטע פלעגט בעת אַזאַ שווערע שטימונג ווערן ווי צעטומלט, און מיט אַ שמייכל אויף זיין קיילעכדיק פנים געזאָגט: „נעווער־מיינד, ווי וויל סי״... גע־קלאַפּט זיין לאַנדסמאַן איבערן פּלייצע און אים טרייסטן, אַז מענטשן זיינען פון דעם מסחר רייך געוואָרן; מען דאַרף זיך נאָר אַ ביסל אָנשטרענגען, נישט אונ־טערגעבן זיך. ער האָט אַראָפּגענומען די בלויע ברילן פון זיינע פאַרכמאַרעטע אויגן, גוט אויסגעווישט, זיי ווידער אָנגעטון, געקנייטשט מיט זיין הויכן שטערן און מוסיף געווען, דאָס אַ גרויסער ענגלישער דענקער האָט געזאָגט, דאָס ווען אַ מענטש איז געגנוג שאַרפזיניק און אויפמערקזאַם, קען ער דערגרייכן דאָס העכסטע גליק אין אַלעם מיט וואָס ער פאַרנעמט זיך.

אייער שכל׳דיקע דערקלערונג איבער די אויסזיכטן פון אַ מענטשנס דער־פאָלג, דאָס מען מוז זיין צוגעפּאַסט צו די אָדער אַנדערע אונטערנעמונג, יעדער צו זיין פּראָפעסיע אָדער פאַך, דאָס איז ניט דער גאַנצער אמת. צום ביישפּיל, נעמט פייוול דעם סטאָליאַר, וואָס ווינט ניט וויט פון דאַנען, דאַכט זיך אַ גו־טער בעל מלאכה, האַ, כמעט אַ קינסטלער אין זיין פאַך, און דאָך? אומגעקערט

ווידער קען איך אַ סך, וואָס זיינען ניט קיין פּאַך־לייט און האָבן זיך זייער גוט אַרויפגעאַרבעט. די הויפּט זאַך, מר. זיידמאַן, איז דאָס מען מוז אויסנוצן יעדע געלעגנהייט, וואָס רוקט זיך אונטער פון צייט צו צייט. נאָך אַלעם דעם, וואָס ס׳ווערט געזאָגט, דאָס די מענטשהייט טראָגט אויף איר קאָפּ די קרוין פון אַזוי פיל באַלערטקייט, פון הויכע און נאָבעלע געדאַנקען, מיט די טעגלעכע קאָנ־פליקטן אינם מענטשלעכן לעבן, קומט מען אַלץ צו דעם געדאַנק, דאָס אַלע דערגרייכונגען, וואָס דער מענטש איז דערגאַנגען, איז ניט קיין פּאָראויס באַ־שטימטע זאַך, נאָר דער אויסגאַנג פון אַ שטאַרקן ווילן פונם יחיד צו דערפילן אַ נאָגענדן באַגער און אַמביציע צו דערגרייכן די אָדער יענע זאַך... זיינע אויגן האָבן געגלאַנצט פון צופרידנהייט מיט זיך, וואָס ער, הערש־בער טרעגערס זון, נאָטע דער שניידערוק, ווייס אַזוי פיל, און קען נאָך זאָגן וואָס ער האָט גע־לערנט, וואָרט ביי וואָרט, וואַרפנדיק אין דער זעלבער צייט אַ בליק אויף ביטרעס׳ן, וועלכע האָט זיך פונקט אָנגעטון ערגעץ צו גיין, צו זען וואָס פאַר אַן איינדרוק דאָס האָט אויף איר געמאַכט. נאָך אַ קליינע ווײַלע שווייגן האָט ער אין אַן אונטערטאָן געזאָגט: געוויינלעך מוז מען האָבן אַ קאַפּעטשקעלע מזל... יאָ, ווי זאָגט איר, מרס. זיידמאַן, אָן מזל העלפט קיין חכמה ניט. די לעצטע ווערטער, וועלכע זיינען געזאָגט געוואָרן, כדי צו געפעלן דער מאַמען, מער ווי דער טאָכטער — זיינען גאַנץ שטיל פון זיין מויל אַרויסגעקומען און דערביי זיך אַליין ווי עפּעס פאַרשעמט.

עס איז געווען אַ שטילע, ליכטיקע זומער־נאַכט, ווען מר. נאָטע איז איינ־מאָל נאָך אַזאַ היציקן שמועס אַהיים געגאַנגען; ס׳איז שוין געווען גאַנץ שפּעט־לעך. מיט אַ באַשווערט האַרץ האָט ער געשפּרייזט איבער די מיט בלאַסן לבנה שיין באַלויכטענע גאַסן. ער האָט דערפילט אַז ביטרעס האַלט זיך פון אים עפּעס פון דערווייטן. אויף זיכער האָט ער ניט געוווּסט פאַרוואָס. זי האָט נאָך קיין איינמאָל ניט אָנגעהויבן צו רעדן צו אים די ערשטע! — האָט ער צו זיך גע־זאָגט. וואָס מער ער האָט געטראַכט וועגן דעם, אַלץ קלאָרער איז אים געוואָרן, אַז זי טוט עס מיט אַ כיון, כדי אים אויסצומיידן. אַ קוואַל פון ביטערע מחשבות האָט געפּרעסט זיין נשמה... ר׳האָט דערפילט אַז אין זיין צעוויטיקט האַרץ האָט עפּעס גענומען זיך אָפּרייסן. ער האָט ביטער געקלערט וועגן דעם און באַשלאָסן אויפצוגעבן די אָפּטע באַזוכן. אָבער דער גאָט פון ליבע און לעבן, וועלכער לאָזט ניט איינרוען, האָט אים תמיד געצויגן צו די זיידמאַנס, צו דעם שלאַנקן מיידל, וועלכע איז תמיד געשטאַנען פאַר זיינע אויגן, מיט איר ליבלעכן נאַאיוון שמייכל אויף אירע אַ ביסל דיקלעכע ליפּן. דאָס פּנים ווייס, פול מיט אַ לייכטן חן, יונג און שפּילעוודיק. ער האָט פלוצים דערזען פאַר זיך ניט דאָס ווילדע, ליכטיקע מיידל, וועלכע חלום׳ט אַלץ וועגן בילדונג, נאָר שוין אַ גאָר איינגאַנצן אויסגעוואַקסענע פרוי... וואָס מאַכט דעם איינדרוק פון אַ פולע, רייפע בלום.

אַ שטילע פאַרביסענע אייפערזוכט האָט זיך אין זיין געדאַנק באַזעצט, ווען

ער האָט איינמאָל געטראָפן אַ יונגענמאַן ביי די זיידמאַנס, וועלכער האָט נאָר גערעדט צו ביטרעס׳ן אין רוסיש, הגם ער האָט גוט געקענט יידיש. ס׳האָט זיך אים געדאַכט, דאָס זייערע געדאַנקן זיינען פול מיט חוזק, ווען ער רעדט מיט דער פאַמיליע דוקא אין יידיש. נאָטע, וועלכער האָט זיך די לעצטע צייט גע־קליבן צו מאַכן אַ שמועס מיט זיין לאַנדסמאַן, צי ער קען אויסנעמען די יונגע ביטרעס, האָט אינגאַנצן אויפגעהערט צו קומען. צי מחמת דעם, וואָס ער האָט זיך דערוווסט, דאָס ביטרעס איז פאַרליבט אין דעם יונגענמאַן, צי דער שווע־רער קריזיס, וואָס האָט אויף אַלעמען אָנגעוואָרפן אַ שרעק, ווער ווייס? בלויז חנה־גיטל האָט זיך גע׳חידוש׳ט, וואָס מען זעט ניט נאָטע׳ן. שוין אַ לאַנגע צייט ניט געווען. ס׳בענקט זיך פשוט נאָך די אָוונט שמועסן, ווו מ׳קען זיך כאָטש פאַר אימיצן אַראָפּרעדן פון האַרץ.

פאַר די לעצטע פאָר חדשים איז זיידמאַן שטאַרק געפאַלן ביי זיך און שלעכט געשלאָפן. ער האָט זיך געקערט אויף אַלע זייטן און פאַרשאַפט גרויס „טראָבל" זיין ווייב חנה־גיטל, וועלכע איז געווען שטאַרק אָפּגעמאַטערט פונם טאָג, קעמפנדיק מיט איר אָרימקייט. אין די שעה׳ן פון נישט שלאָפן האָט זיין צושפּילטע פאַנטאַזיע אַלע ווײַלע פון דאָס ניי אַרויסגערופן די ווערטער, וואָס נאָטע האָט געלאָזט פאַלן, ווי אַמביציע, שטאַרקער ווילן, מזל, ווערטער וועלכע זיינען אָנגעלאָפן יעדע מינוט און באין־אופן ניט געקענט אָפּיאָגן. אַמביציע, פלעגט ער צו זיך זאָגן, נעמט אָפּט אָן די ליבע צו געלד, אָבער וואָס מער אַ מענטש האָט, אַלץ מער פאַרגרעסערט זיך זיין אַפּעטיט, ער ווערט ווי אַ הונ־געריגע חיה צוליב דעם... ס׳איז אָפּט אַ גרויסע שטערונג פאַר העכערע און נאָבעלע זאַכן, ס׳פאַרשטעלט פאַרן אויג שיינקייטן און בילדער, וואָס ווערט יע־דע מינוט אין דער נאַטור געבוירן, וואָס איז פריער ניט געזען געוואָרן. פאַר־טיפט אין זיינע רעיונות איז אים אַרויף אויפן געדאַנק יענע דאַמע וואָס זיצט אַקעגנאיבער זיין טישל אין בריטישען מוזעאום, וועלכע טוט כסדר באַאָבאַכטן וואָס פאַר אַ ביכער ער לעזט. אין זיין מחשבה האָט זיך געאַרבעט אַ פּלאַן אויסצוגעפינען איר נייגעריקייט.

עס איז אַוועק אַ צייט, די שניידער־מייסטערס אין די ווייטשעפּלער געס־לעך האָבן זיך גע׳חידוש׳ט, וואָס מען זעט ניט „די פּוילישע וואָנצעס". אָבער נאָך מער זיינען זיי געוואָרן איבערראַשט, ווען זיי האָבן זיך דערוווסט, דאָס ער האָט געקויפט אַ הויז אין גאָלדערס גרין, מיט אַ גרויסן גאָרטן און אַ שטיק פעלד דערצו. זיי איז געווען שווער צו פאַרשטיין, וואָס אָט דער, וועלכער האָט זיך תמיד באַקלאָגט אויף זיין פינסטערע פרנסה איז פּלוצים... נו, גיי ווייס. אַלע זיינען זיי אַזוי, ווערן רייך פון די שמאַטעס. קומט אָבער צום פרייז, מאַכן זיי דעם אָנשטעל פון פאַרלוירנקייט. מיט אַ צייט שפּעטער האָט זיך דערטראָגן אַ קלאַנג, אַז עפּעס אַן אַריסטאָקראַטישע דאַמע, מען זאָגט פון די גאָר הויכע פענסטער, האָט אים געגעבן געוויסע מאַנוסקריפּטן דורכצוקוקן און איבערזעצן.

פון דעמאָלט אָן האָט אים דאָס גליק צוגעשפּילט.

דאָס איז געווען נאָך פאַר די ערשטע גרויסע וועלט מלחמה, ווען פון אַלדגייט פלעגט דויערן איבער אַ שעה צייט צו פאָרן קיין גאָלדערס גרין. בלויז זומער צייט, אין די זונטיקס, פלעגן גאַנצע יידישע פאַמיליעס פאָרן צו פאַר־ברענגען אויף די גרינע פעלדער. דזשאָזעף זודערמאַן, ווי ער האָט זיך איצט גערופן, איז געווען איינער פון די ערשטע גרינע, וועלכער האָט געוואַגט זיך אַוועקצורייסן פון ווייטשעפּל. אפשר צוליב די אַריסטאָקראַטישע דאַמע, ווער ווייס...

די צייט איז געלאָפן, די טעג זיינען פאַרשוווּנדן איינס נאָכן אַנדערן, איינס נאָכן אַנדערן... דזשאָזעף זודערמאַן איז געשטאַנען הינטער זיין אַרומגעצוימטע הויז, וועלכעס איז געווען אינמיטן פון אַ שטיק גרין פעלד און זיך צוגעקוקט צו דעם שנעלן אויפבוי פון הייזלעך, וואָס האָט זיך געשפּרייט איבער אַ גרויסן שטח פון פעלדער. עס איז שוין געווען פאַרנאַכט, די שאָטנס האָבן מיטן אָנקום פונם בין־השמשות זיך געלענגערט, דער אַרום האָט מיט אַמאָל אָנגענומען אַ פאַנטאַסטישן אויסזען, עפּעס ווי ליכט און שאָטן האָבן זיך געאיילט אין אַ פאַר־צווייפלטן געלויף. ער איז געשטאַנען אין דעם פאַנטאַסטישן פאַרנאַכט און גע־קלערט וועגן זיין זון מאָריס. אמת, ער איז נאָך יונג, האָט ער צו זיך געזאָגט, אָבער קיין שוטה איז ער ניט, ר׳וועט דאָך ניט חתונה האָבן מיט אַ מיידל וואָס קיינער קען ניט. באשר זי איז אַ גוטע טענצערין און צוזאַמען געווינען זיי פּריי־זעס אינם טאַנץ־זאַל. דאָס זיינען נאָר יוגנט־קאַפּריזן, וואָס לויפן שנעל אַריבער, האָט ער געטראַכט. ניין, ער וועט צו דעם קיינמאָל ניט דערלאָזן. זיין בליק איז געפאַלן אויפן הויז וו די שטיינהאָלץ ווינען, וואָס איז דאָס שענסטע אינם געגנט. מען זאָגט ביי אויפגעקומענע, אָבער זייער רייך. די טאָכטער, ניט קיין שיינע, אָבער קיין מיאוסע אויך ניט, זעט אויס צו זיין אינטעליגענט. און פונם לעצטן שמועס, וואָס ער האָט געהאַט אויף די טיי פּאַרטי ביי די שטיינהאָלצעס, האָבן זיי געגעבן אָנצוהערן דאָס זיי זיינען גרייט צו געבן אַ שיינע סומע אַלס נדן.

נאָך אין דעם זעלבן אויפדערנאַכט איז צווישן פאָטער און זון פאָרגעקומען אַ היציקער שמועס. מאָריס, דו ביזט דאָך יונג, זע דאָס דו זאָלסט עס שפּעטער ניט באַדויערן. איך זאָג דיר אַז דאָס מיידל, מיט וועלכע דו שלעפּסט זיך אַרום האַלבע נעכט אין די טאַנץ־זאַלן איז ניט פאַר דיר. ווער איז זי? קיינער קען זי ניט, כאָטש זי הייסט לוסי און זאָגסט אַז דו האָסט זי ליב. דאָס זיינען נאָר אי־בערגייענדע פאַזן אין אַ מענטשנס לעבן. יעדער מוז האָבן אַ בליק פאַר דער צוקונפט. באַרעכן דאָס אַזעלכע געלעגנהייטן מאַכן זיך ניט יעדן טאָג. אמת, די שטיינהאָלצעס זיינען פּשוטע מענטשן, אָבער רייך און גרייט צו געבן זייער איינ־ציקע טאָכטער אַ שיינעם נדן. דו וועסט קענען אויפגעבן דאָס קליינע געוועלבל פון ביליקע צירונג אין קאַלעדאָניען רויד און עפענען אַ גרויס געשעפט אין גאָלדערס גרין, וועלכעס קען ווערן גאָר אַ גרויס געשעפט, די געגנט וואַקסט ווי אויף הייוון.

מאָריס, וועלכער האָט באמת ליב געהאַט זיין פאָטער, האָט אים ניט גע־וואָלט פאַרשאַפן קיין יסורים, אָבער ער האָט שטאַרק ליב באַקומען לוסי׳ן, וועלכע האָט פאַרמאָגט אַן אייגנאַרטיקן חן. עס האָט אים געלאָקט דאָס געהיימ־ניספולע, דאָס שטיל־צאַרטע, וואָס האָט געפלאָסן פון איר וועזן. ער האָט ניט געהאַט קיין אַנדערן אויסוועג ווי צו זאָגן דעם גאַנצן אמת, דאָס ער האָט מיט לוסי׳ן חתונה געהאַט אין אַ „רעדזשיסטרי אָפיס״. פאַרשעמט און מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ איז מאָריס אַרויס פון שטוב און האָסטיק צוגעמאַכט די טיר הינטער זיך. די לבנה איז פון אַ נעץ שוואַרצער וואָלקן אַרויסגעשווומען און אַ ציטערדיקער בלאַסער שטראַל האָט זיך דורכן פענסטער אַריינגעריסן, זיך צע־לייגט איבער זיין טרויעריק געקנייטשט פנים. אַ דיקע שווערע דאגה האָט איצט געדריקט זיין האַרץ, דערזעענדיק, ווי זיינע פלענער ווערן ניט פאַרווירקלעכט. ער האָט מיט אַלע מעגלעכקייטן זיך געסטאַרעט צו באַהאַלטן דאָס טרויעריקע, וואָס גריבעלט זיין האַרץ.

מיט דער צייט איז צוגעקומען אַ שטיקל זאָרג: לוסי האָט אָנגעהויבן שוואַנגערן און זיי זיינען געקומען וווינען אין גאָלדערס גרין. געהייסן האָט עס צוליב דעם געשעפט, וואָס זודערמאַן האָט געטראַכט צו עפענען פאַר זיין זון. ס׳איז איר אפילו געווען פריקרע צו וווינען ביי די זודערמאַנס, וויסנדיק אַז מאָריס׳עס פאָטער איז געווען געגען זייער חתונה האָבן. קיין אייגענע קרובים האָט זי ניט געהאַט און דערצו איז זי געווען אַ שוואַכע, האָט זי קיין אַנדער אויסוועג ניט געהאַט. פאָטער און זון האָבן זיך איבערגעבעטן, ווען לוסי האָט געבוירן אַ יינגל און אים אַ נאָמען געגעבן ברוך, נאָך יעקב זיידמאַנס פאָטער.

פאַר מאָריס׳ן האָט זיך אָנגעהויבן אַ צייט פון אַנגסט. זיין אַמביציע פון אַ גרויס געשעפט אין גאָלדערס גרין מיט אַ שילד „מ. זודערמאַן עט סאַן, דזשו־לערס״ האָט איצט פאַרנומען אַלע זיינע געדאַנקען. אָבער אַממיינסטן איז ער גע־ווען באַזאָרגט וועגן לוסי׳ן, ווייל זינט בעני איז געבוירן געוואָרן, האָט זי זיך תמיד באַקלאָגט אויף עפּעס אַ מידקייט. אמת, דאָס זי איז אַלעמאָל געווען אַן איידעלע און שוואַכע, אָבער לעצטנס האָט זיך איר קראַנקהייט פיל פאַרערגערט. אומגעריכט איז זי איינמאָל אין אַ פרייטאָג אין דער פרי געשטאָרבן.

אין שטוב איז געוואָרן אַן איבערקערעניש. די פריילעכקייט אינם הויז איז פאַרשווונדן. מאָריס איז אַרומגעגאַנגען ווי צעטראָגן און ניט געוווסט וואָס צו טון מיט זיין יונג לעבן. פאַרשידענע מחשבות זיינען אין זיין געדאַנק מיט אַ ווילדן רעש דורכגעלאָפן. ער האָט פונקט ווי זיין פאָטער דערפילט, ווי זיינע פלענער ווערן ניט פאַרווירקלעכט. דאָס זיינען פאַר אים געווען מאָמענטן, ווען דאָס לעבן האָט אים אויסגעזען קאַלט, אומעטיק און אומבאַרהאַרציק.

מיט די דערקלערונג פון די ערשטע גרויסע וועלט מלחמה איז געקומען אַן ענדערונג אין זיין געדאַנק און אַ דערלייכטערונג צו זיינעליידן. מאָריס האָט זיך פרייוויליק אָנגעשלאָסן אין דער אַרמיי. פאַרן אָפּגיין פון זיין רעגימענט צום

פראַנט, איז ער געקומען אַהיים אויף אַ פּאָר שעה „ליוו", און מיטן צופאַלן פון דער נאַכט איז ער אַרויס פון הויז. קיינער האָט ניט געזען ווען ער איז אַרויס. ביים ראָג האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, נאָך אַמאָל אַ קוק געטון אויפן הויז, וווּ ער האָט פאַרברענגט אַ סך פריילעכע טעג, וווּ ס'איז איצט זיין איינציק קינד. צוויי הייסע טרערן האָבן זיך אַראָפּגעקייקלט איבער זיינע קאַלטע באַקן און געפאַלן אין דער נאַכט אַריין.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שווערע צייט פאַר דזשאָזעף זודערמאַן. די נייעס וואָס ער האָט איינמאָל באַקומען דאָס זיין זון איז ווי אַ העלד געפאַלן אין שלאַכט, האָט אים אין גאַנצן צוטרייסלט. דאָס גרויסע געשעפט, וואָס פאָטער און זון האָבן געשאַפן (מ. זודערמאַן עט סאַן, דזשולערס), וואָס ר'האָט מיט אַלע כוחות אַזוי געהיטן און געהאָפט דאָס נאָך דער מלחמה וועט דאָס מאָריס איי־בערנעמען, האָט ער געמוזט אויפגעבן. זיינע ליפּן האָבן שטיל און תמיד גע־שעפטשעט: ניט פאַרווירקלעכטע פּלענער. קראַנק און צובראָכן איז ער געלעגן צו בעט און מער ניט אויפגעשטאַנען.

חנה־גיטל איז געוואָרן שטאַרק פאַרעלטערט, צוקנייטשט און איינגע־שרומפּן פון איר גרויסן צער. איר איינציקער זון מאָריס אומגעקומען אין דער מלחמה. ביטרעס איז מיט דעם יונגעמאַן, וואָס האָט נאָר גערעדט רוסיש, גע־פאָרן קיין רוסלאַנד העלפן אין דער רעוואָלוציע. האָט זי זיך אינגאַנצן געווידמעט דעם אייניקל. פלעגט זי גאַנצע שעה'ן זיצן ביים פענסטער, געמישט די בלעטער אינם אַלבום, זיך אָפּגעשטעלט און לאַנג געקוקט אויפן פאָטאָגראַף פון מאָריס'ן, אינם זעלנערישן יוניפאָרם און געקוקט אויף בעני'ן, וואָס איז פּלוצ־לינג... אויסגעוואַקסן.

* * *

עס האָבן זיך געפלאָכטן חדשים און יאָרן. פון די אָנגעזאַמעלטע דראָענדע כמאַרעס, דורך דעם צוויי־צענדליק יאָרן, איז אַרויס דער בליץ־קריג, מיט אַלע זיינע גרוילהאַפטן און בייזקייטן. צוזאַמען מיט אַ סך יונגע לייט איז אויך בעני געוואָרן מאָביליזירט. אין יענעם טאָג האָט חנה־גיטל דערזען ווי אַ שווערער שוואַרצער וואָלקן לאָזט זיך אַראָפּ און הילט איין איר הויז. זי האָט דערפילט ווי דער טויט אַליין איז געקומען. אַן אומרואיקער געפיל האָט איר אַרומגענומען קוקנדיק אויף איר יונגסטע טאָכטער פעגי, וואָס האָט זיך אָנגעשלאָסן אין אַן אַמבולאַנס אָפּטיילונג, באַלד אויף איר אייניקל בעני, וועלכער האָט זיך געגרייט פאַר עפּעס אומהיימלעכעס, וואָס דאַרף באַלד קומען.

די נאַכט פון יוני 1943, ווען בעני איז מיט פולן זעלנערישן געפּעק גע־קומען פון פראָנט, איז אינם געסל, וווּ זיין זיידנס הויז איז געשטאַנען, געווען פול מיט רויך. אַ שלעכטער ריח האָט זיך געטראָגן פון די טליענדע חורבות, וואָס האָט זיך געשפּרייט איבער די גאַנצע לענג פון דער גאַס. בעני איז ווי

פאַרגליווערט געבליבן שטיין אין דעם רויכערדיקן אַרום, זיינע אויגן געווענ־דעט צום הויז, וואָס איז ערשט מיט אַ שעה צוריק חרוב געוואָרן. ער האָט אין דער רגע דערזען אַלע זיינע קינדער יאָרן, וואָס ער האָט אין דעם הויז פאַר־ברענגט. זיין ערשטער געדאַנק איז געווען זיין ליבע באָבע, וואָס ער האָט אַזוי געגאַרט צו זען, וועלכע איז ערשט מיט אַ פּאָר מינוט פריער אָפּגעפירט גע־וואָרן אין שפּיטאָל. דערזעענדיק זי אויפן טויטן־בעטל, האָט זיך אים אויסגע־דאַכט דאָס זי איז געוואָרן אַ סך לענגער און ניט אַ צונויפגעקאָרטשעטע, ווי זי פלעגט תמיד אויסזען ליגנדיק אויף איר באַליבט זאָפקעלע, וואָס איז פאַר יאָרן געשטאַנען ווי אַ דריי־עק אין עס־צימער. דאָס מאָל איז זי געלעגן גלייך אויסגעצויגן... בעני האָט זיך צו איר בלאָס פּנים צוגעבויגן, וועלכעס איז גע־ווען קאַלט, ס׳האָט זיך אים געדוכט דאָס אירע צוקנייטשטע ליפּן שעפּטשן: יאָ, מיין קינד, ניט קיין פאַרווירקלעכטע פּלענער.

גאַנצע צען יאָר האָט בערל „מאַשינט" ביי זיינס אַ לאַנדסמאַן פּיניע, אַ גראָבבייכיקער ייד, מיט אַ פּליך אויפן קאָפּ, און אַ גרויסער כעסן, וואָס אין ווייטשעפּל האָט מען אים גערופן דער גראָבער פּיטער. כאָטש ס׳זענען שוין אַוועק גאַנצע צען יאָר זינט ער איז אָנגעקומען אַרבעטן צו זיין לאַנדסמאַן, וועלכער האָט אים צוגעזאָגט אַ סך גליקן, איז בערל אָבער אַלץ געבליבן אַן אונטער־מאַשינער. הגם ער האָט זיין גאַנצע נשמה און האַרץ אַריינגעלעגט אין דער מלאכה, איז ער אָבער געווען זיכער, אַז קיין פּאָלנער מאַשינער וועט ער ביי דעם גראָבן פּיטער נישט אַרויסקומען, מחמת ער האָט אַליין „מאַשינט" די הויפּטזאַכן און ער האָט נאָר געגעבן צו דער האַנט. בערל האָט געפילט אַז זיין ראָלע איז זייער אַ קליינע, כאָטש ער ברענגט אַ גרויסן נוץ מיט זיין אַרבייט.

ס׳איז אים פּלוצלינג באַפאַלן אַ ווילדע פאַרצווייפלונג, אַ פּחד פאַר עפּעס, וואָס ר׳האָט זיך שטאַרק געשראָקן און צו זיך געזאָגט, יאָ, מען ווערט עלטער, די צייט שטייט נישט, און זיין האַרץ איז געוואַקסן אַ פאַרדרוס צו זיך און צו אַלעם. ער האָט זיך געחידושט, אַזוי פיל יאָרן געפּטרט אין וואָרקשאָפּ, ביי דעם גראָבבייכיקן פּיניע, געליטן כלערליי אומבאַקוועמלעכקייטן, פאַרביטערונג, צער, און וואָס ? אַממיינסטן איז אים געווען ביטער, דערמאָנענדיק זיך, וואָס ביי אים אין דער היים „טוט זיך", מחמת דער גרויסער ענגשאַפט אין די צוויי קליינע שטיבלעך, אויפן דריטן שטאָק. „נישט גוט", האָט ער געמורמלט, „אַ פאַרשאָלטן לעבן". אָבער נישט געקוקט אויף דעם ווידערגעפיל, צו זיין אַרי־מען לעבן און צו די קאַלטע שטיינערנע טרעפּ פונם בילדינג אין קאָמערשל רויד, ווו ער האָט געוווינט, האָט ער תמיד זיך געסטאַרעט, מיט אַ געמאַכטן פריילעכן פּנים, צו באַהאַלטן דאָס טרויעריקע, וואָס גריבלט אין זיין נשמה.

נישט בחנם איז זיין ווייב נעכע שטענדיק שלעכט אויפגעלייגט. די גרויסע פאַרדינסטן, וואָס ער ברענגט אַהיים מ׳שטיינסגעזאָגט. ער האָט ביי זיך גע־טראַכט ; אין לאָנדאָן מוז מען פאַרדינען, אַז אָך און ווי איז, אַז מ׳קען קיין סך נישט פאַרדינען. ס׳איז אים פיל מאָל אויסגעקומען צו זען, ווי זי האָט זיך שווערלעך און מיד אַראָפּגעלאָזט אויף דעם איינציקן אָרימען זאָפּקעלע, וועל־כעס איז געשטאַנען ביים פענצטער און זיך ביטער צעוויינט. דאָס פלעגט אָפּט פּאַסירן, ספּעציעל פאַר אַ יום־טוב, אָדער ווען די קינדער זענען צו אַ „פּאַרטי" געוואָרן פאַרבעטן. ס׳האָט זיך אים בעת אַזעלכע מינוטן געדאַכט, אַז ס׳גאַנצע לעבן זיינס, באַשטייט פון טרערן און זיפצן, אמת אַמאָל אויך אַ שמייכל ; אָבער דאָס האָט נאָר אויף אַ רגע אַ בליאַסק געטאָן, ווי אַן אויסגעהאַמערט בלעטל

פון פליטער גאָלד. אָבער אַממיינסטן איז זיין לעבן באַשטאַנען פון זיפצן און לעכצן. כאָטש זיין ווייב פלעגט אים טרייסטן, אַז עס וועט אייביק נישט זיין שלעכט, די קינדער וועלן אונטערוואַקסן... ענדלעך האָט ער אָבער געפילט, אַז ס׳איז נישט די זעלבע פריילעכע נעכע, וואָס אַמאָל.

בערל האָט געוווסט, אַז קיין גרויסע בריה איז ער נישט. ער האָט בכלל נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס אַ סך פון זיינע באַקאַנטע, וועלכע קענען ווייני־קער פון אים, האָבן געוווסט איבערצוגיין אויף אַנדערע פלעצער און זענען גע־וואָרן פאָלנע מאַשינערס. אמת, אַז דער דלית פייפט ביי זיי פון אַלע ווינקלען, פונקט ווי ביי אים, דאָס איז מסתמא, וואָס זיי האַלטן זיך נישט לאַנג אויף איין פלאַץ, צוליב זייערע עקסטרעמע אַנשויאונגען און אומגעלומפּערטע עזות׳דיקע גראָבקייטן. ווי זאָגט דאָס ענגלישע שפּריכוואָרט, „ראָלינג סטאָנ׳ס געדער נאָ מאָס“, (אויף שטיינער, וואָס קאָלערן זיך וואַקסט נישט קיין מאָך). ער האָט גע־טראַכט ווען ער פאַרדינט, וואָס זיין פריינט אַנשעל דער רויטער פאַרשפּילט אין קאָרטן און אויף „רייסס“־הינט, וואָלט ער געוווסט וואָס ער האָט צו טון.

ס׳איז פאָרט געווען אַ נאַרישקייט, וואָס ער האָט אַזוי לאַנג געוואָרט און אַלץ געאַרבעט ביי דעם; גראָבבייכיקן פיניע מיטן פליך אויפן קאָפּ, וועלכער האָט אים אַזוי שטאַרק דערעסן, זיצנדיק טאָג־איין, טאָג־אויס, ביי דער מאַשין אַקעגן איבער. ס׳האָט זיך אים די לעצטע צייט אויסגעוויזן, אַז דער גלאַנציקער פליך פון זיין לאַנדסמאַן, לאַכט און היצט זיך: „בערל, ביזט אַ תם, אַ גולם: זעסט אָט דאָס הייסט מאַשינט“... מער פון אַלעם האָט אים ווי געטאָן, וואָס „פּייוול שצערב“, דער פּרעסער, וועלכער האָט נישט פיינט דעם ביטערן טראָפּן און איז תמיד אונטערן גלעזל, האָט קיין אַנדערן נאָמען פאַר אים נישט גע־האַט, ווי הע, יאָלד, שלים־מזל, וואָס קלערסטו אַזויפיל, גיב זיך אַ ריר, די מאַשין ווערט קאַלט.

אָט די אַלע איבערלעבונגען, וואָס זענען געווען פול מיט טרויער האָט גע־וועקט אין זיין האַרץ, אַ שנאה, אַ שפלות... אַ שווערער זיפץ האָט זיך, בעת אַזעלכע פאַלן אַרויסגעריסן פון דער סאַמע טיפעניש פון זיין נשמה. בערל ביזט אַ נאַר, האָט ער צו זיך געזאָגט, כל ימיו אָפּגעווען אַ נאַר. אַ פערד וואָס גייט אין שפּאַן צעבריקעט זיך אויך אַמאָל, אַ פשיטא שוין אַ מענטש. ס׳האָט אין זיין מוח זיך געגראָבן אַ ביטערע מחשבה, אַז ער האָט וואָס פאַרזען.... אַנדערע פון זייך פאַך, זענען שוין דערגאַנגען העט ווייט, האָבן געגרוימע דירות, מיט אַ שיין בעל־הבתישקייט, אַ סך פריינט און ער, איז פאַרגעסן, ווי פון זכרון אויס־געמעקט. ער האָט זיך אַליין פאַרגעוואָרפן; אַ מענטש טאָר נישט זיצן אַזוי לאַנג אויף איין פלאַץ און קוועטשן דאָס זעלבע ביינקל.

אמת, פיניע איז זיינס אַ לאַנדסמאַן און פון איין שטעטל. אָבער ווי לאַנג איז דער שיער, ווי זאָגט מען צו יעדע נאַרישקייט איז דאָ אַ גרעניץ. אַלעמאָל די אייגענע מעשה. ס׳פעלט אויס מוט, אַ נאַטור אַזאַ, אַ ירושה פון זיין פאָטער

עליו־השלום, ווערכער האָט תמיד געזאָגט אַז אַלץ, וואָס דער מענטש טוט מוז זיין דורכגעדרונגען מיט איין הויפּט מחשבה, מיט איין עיקר געדאַנק .... בטחון! ער האָט זיך פאַרטראַכט מורמלענדיק צו זיך, לאָנדאָן איז אַ שטאָט, ווו מען ווערט נישט פאַרפאַלן. זאָל זיין, וואָס ס'וועט זיין, אַנטלויפן פונם גראָבײַ־כיקן פּיניע, פון „פייוול שצערב", איינמאָל פאַר אַלעמאָל, ער מוז פּרובירן זיין מזל.... ביי די ווינקלען פון זיין מויל האָט זיך באַוויזן אַן ערנסטע ביטער־קייט, עפּעס ווי ער וואָלט פון ערגעץ געוואָרט אויף אַן ענטפער.

... אָבער ווען בערל איז מיט אַ צייט שפּעטער אַרויס צעקריגט פון וואָרקשאָפּ, האָט זיך אים געדרייט אין קאָפּ, אַזוי ווי ער וואָלט געווען שיכור. דאָס פּנים האָט געפלאַמט און געטראַכט, וואָס וועט נעכע זאָגן. פּאַסירט האָט עס אומגעריכטערהייט דורך אַ קלייניקייט, „פייוול שצערב'ס" לצנות. אמת ער האָט איבערגעכאַפּט די מאָס און אַליין זיך שטאַרק צעשריגן און אַביסל צופּיל זיך געהיצט. גיי ווייס אַז ר'וועט גאָר קריגן די „סעק", (אָפּגעזאָגט פון פּלאַץ) און אפשר איז דאָס פאַר אים אַ גרויסע טובה, ווער ווייס?

גאַנצע טעג איז בערל אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן און הינטערגעסלעך פון ווייטשעפּל, אַנגעקלאַפּט ווו ס'איז נאָר געווען אַ וואָרקשאָפּ און קיין אַרבעט נישט געקריגן. עס איז פּונקט געווען אין סוף חודש פון נאָוועמבער, די טעג זענען געווען פאָגעדיק, אַ גרויער נעפּל האָט אַלץ אַרומגענומען, אַזוי, אַז עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי די הייזער און אַלץ זענען געמאַכט פון פּימ־שטיין. אַן אָסיענדיק דין רעגענדל האָט געשפּריצט, ווען בערל איז צוזאַם מיט נאָך אַרבעטער געשטאַנען אין גרייט־גאַרדן סטריט, זוכנדיק אַ „דזשאָב". אינם געסל האָט, ווי צולהכעיס אַרומגעטאַנצט אַ פּראָסטיקער ווינט, זיך אַריינגעריסן אין זיינע אַרבל פון דאָרט אונטערן פּלייצע און דורכגענומען אַלע זיינע גלידער.

אין אַזאַ פאַרנאַכט שפּעט אין בין השמשות, איז ער אַהיימגעקומען, פּיזיש צעבראָכן און חושך ווי די ערד.

נעכע, אַ הויכוווקסיקע יידינע, אַ מאָגערע, מיט אַן אָפּגעטראָגענעם בוזים, האָט באַזאָרגט מיט אומרואיקע בליקן געפאָרשט איר מאַן. אים געפרעגט, וואָס ר'איז אַזוי צעטראָגן. זי האָט מיט אַ ליבלעכן שמייכל, אויף איר פאַר דער צייט פאַרעלטערט פּנים, געזאָגט: אודאי, אַ שלעכטן טאָג געהאַט, זע נאָר, ווי דו זעסט אויס. ביזט, זאָל גאָט היטן אפשר, נישט געזונט?" בערל האָט עפּעס אַ ברום געטאָן, אַזוי, ווי איינער זאָגט, עט, גאָר נישט, אַ פאַרקילונג.... אויפ־גערעגט און בייז האָט ער געשפּרייזט איבערן שטיבל און געמורמלט: נישט כדאי געווען, מה אנו, מה חיינו.... ווי זאָגט מען, אַז דאָס שלים־מזל לאָזט נישט אָפּ אַ מענטשן, מוז מען אָנבויגן דעם קאָפּ, גאַנץ ריכטיק איז דאָס ווערטל, דער מענטש טראַכט און דער מלאך לאַכט.

דעם אָוונט האָט בערל זיך געלייגט פרי שלאָפן, ער האָט גערעכנט, אַז ס'וועט איבערגיין. אויף צומאָרגנס איז ער אויפגעשטאַנען טויט קראַנק. מען

האָט געמוזט רופן דעם דאָקטאָר, וועלכער האָט אים באַטראַכט און געהייסן ליגן אין בעט. ביים אַוועקגיין האָט ער געזאָגט, אַז ס׳איז אַ שווערע קראַנקייט און ס׳וועט נעמען אַ לאַנגע צייט ביז וואַנען ר׳וועט ווידער קענען אַרבעטן. אַ שווערע צייט האָט זיך פאַר נעכע׳ן אָנגערוקט. אין שטוב האָט באַלד זיך געפילט דער דוחק אין די טעגלעכע באַדערפענישן. די פּאָר שילינג, וואָס ער האָט גע־קריגן פון זיין סאָסייטי האָט אפילו נישט געקלעקט אויף די קליינינקייטן . . .

צום ערגסטן האָט נעכע געליטן, פון זלאַטן, מיטן אַרויפגעשאַרצטן נעזל. בערלס אַ וויטע קרובה, וועלכע האָט איר אַלעמאָל געגעבן אָנצוהערן, וועגן אַ שטיקל עסק: „נישקשה, נישקשה, דו קענסט אויך האָבן אַ בערע אין בריק־ליין מאַרקעט, ווי אַ סך אַנדערע; מען זאָגט אַז ברוך דער טויבער, דו קענסט דאָך אים, טאָקע אינם זעלבן בילדינג געוווינט, איז געוואָרן שטיין רייך, פון האָבן אַ בערע אין מאַרקעט, זיך געקויפט אַ גרויס הויז אין אַ רייכן געגנט״.

זלאַטע האָט פאַרצויגן דאָס קליינע קורנאָסע נעזל און מיט אַ זויער מינעלע געזאָגט: „יאָ, באַלד ווי די גרינע מאַכן אַ פּאָר פונט, אַנטלויפן זיי פון דאַנען. ווייטשעפּל זעט שוין באַלד אויס ווי אַן אַלטע מאַמע, וועלכע די קינדער האָבן פאַרלאָזט, זיי קומען נאָר אויף טשיקאַוועס, אָפּעסן אַ היימישן מיטאָג, אַ געלעכטער כ׳לעבן, ווי ס׳ציט זיי צו ווייטשעפּל נאָך דעם פרעס״...

בקיצור עס וואָלט פון די אַלע טענות און עצות גאָר נישט געוואָרן, ווען נישט דער גראָבייכיקער פיניע, וועלכער האָט נישט גערוט, ביז ער האָט צו־גערעדט נעכען איבערצונעמען, דאָס רעסטאָראַנדל אין קאָמערשל רויד, וואָס פיניע האָט זיך דערוווסט, אַז ס׳איז צו פאַרקויפן. ס׳זיינען געווען אַ סך מניעות. שייך צו זאָגן מניעות און אַ צאָל שוועריקייטן. אָבער אַז פיניע נעמט עפּעס אין האַנט, ברענט עס אונטער זיינע פינגער. יאָ, אַ גאָט זאַך איז עס געווען, פונקט האָט זיך אַזוי געמאַכט, ווי זאָגט מען, גאָט שיקט די רפואה פאַר יעדע מכה.

עס איז דעמאָלט געווען אַן ערך פון פופצן חדשים פאַר דער מלחמה, פון 1939, ווען נעכע האָט מסכים געווען וועגן דעם עסק.

דאָס רעסטאָראַנדל האָט באַלד געקריגן אַ גוטן שם אין דער געגנט צוליב די גוטע היימישע מאכלים, וואָס זי פלעגט צוגרייטן. ס׳איז תמיד געווען גוט באַזוכט פון אַ צאָל עסערס. בערל האָט מיט דער צייט פון נישט אַרבעטן דער־וואָרבן זיך, אַ שיין קיילעכדיק בייכל, וועלכעס האָט זיך שטאַרק אָנגעזעצן בשעת זיין גיין. ער איז מיט אַמאָל געוואָרן אַן אַנדערער, באַריידעוודיק, אַ קאָפּ מענטש, מיט פלענער, און ועל כולם אַ גרויסער ווערטל זאָגער. ער פלעגט אין די מיטאָג־שעה׳ן, זיצן ביים סאַמע אַריינגאַנג און פאַר יעדן געהאַט עפּעס אַ ווערטל, אַמאָל אַ גראָבן וויץ, ס׳זאָל בעסער שמעקן...

ס׳זענען פאַרגאַנגען וואָכן מיט חדשים. לכתחילה איז געגאַנגען שווערלעך, אָבער נעכע פלעגט חס־ושלום זיך נישט באַקלאָגן, אדרבה, פאַרקערט, ס׳האָט איר הנאה געטאָן, וואָס זיינע באַקאַנטע פלעגן איבער אים זיך וויצלען, אַז זי

טראָגט די הויזן. אָבער זינט נעכע האָט „אַריבערגענומען" אירס אַ שוועסטערס אַ טאָכטער, אַ מיידל פון אַ יאָר אַכצן און ס׳האָבן אָנגעהויבן אַריינצוקומען יונגע־לייט, פלעגט זי אים אַרומיאָגן, אַז ס׳איז איר ענג אין דער דירה, זיך ברוגזן אַז ער איז נאָך אַלץ דער זעלבער שלים־מזל, וואָס פריער, אים פאָר־וואַרפן, אַז זיין קרובה זלאַטע, וואָס טוט נישט די האַנט אין קאַלטן וואַסער, וווינט אין אַ גרויס הויז, אַ סך שטובן, מיט אַ שיינער בעל־הבתישקייט. זי האָט זיך יעדעס מאָל דערביי צעוויינט... יאָ, דאָס איז אַלץ, אַז מ׳האָט אַ לייטישן מאַן.

בערל פלעגט איר, בעת אַזעלכע פאַלן טרייסטן און איר פאַרזיכערן, אַז ער שטייט אין פאַרבינדונג מיט אַן אַגענט וועגן גאָר אַ וואַזשנע הויז. ער האָט איר ביז איצט נישט געוואָלט זאָגן, געהאַלטן דאָס בסוד, אָבער איצט ערב אַ נייער וועלט מלחמה, ווי דאָס לאַנד וועט געוויס זיין פאַרמישט, וויל ער זיך איבער־לייגן, וואָס זאָגסט דו נעכע, האַ. גלייכער אונטערוואַרטן.

נעכע האָט זיך שטאַרק געקוויינקלט, סטייטש: אינמיטן דרינגען ווידער אַ נייע מלחמה, דער הונט לעקט נאָך די ווונדן, פון דער ערשטער וועלט מלחמה, נאַ דיר גאָר אַ נייע... וואָס דו פלאַפּלסט.

נעכע האָט זיך פלוצלינג געכאַפּט, אַז ס׳איז נאָך בסך־הכל פאַרבליבן אַ צען טעג צו די ימים נוראים, צו די מורא׳דיקע טעג, ווען אַ פיש אין וואַסער ציטערט. זי האָט זיך דערמאָנט אַז איר באָבע פלעגט זאָגן, אַז ס׳קומט אין מיטן אלול; איז צייט אַרומצוזען זיך... יאָ, האָט בערל אונטערגעברומט: עס גייט צו שרעקלעך מוראדיקע טעג, צו פינצטערע חדשים, אפשר צו דעם שוואַרצסטן יאָר, וואָס מיר האָבן ווען ס׳איז איבערגעלעבט. ווי שטייט דאָרטן אינם ראש־השנה׳דיקן דאַוונען: „ועל המדינות בו יאמר איזו לחרב", דאָס יאָר וועלן מיר דאַרפן צוזעצן ואיזה לבאָמבעס . . .

דעם שבת אָוונט, דעם צווייטן סעפּטעמבער פון ניין און דרייסיק, האָט אינם רעסטאָראַנדל געהערשט, אַ שווערע אלולדיקע שטימונג, אַ שרעקליכער טרויער האָט יעדן אַרומגעכאַפּט, וואַרטנדיק אויף עפּעס, וואָס קיינער האָט ניט געקענט תופס זיין. דאָס רוב, וועלכע זיינען געקומען, האָבן מיט אויפרעגונג, איינער ביים צווייטן געפרעגט: נו, ווי איינער זאָגט, כ׳האָב באַלד געוווּסט אַז ס׳וועט אַזוי זיין.

ר׳ לייב, אַן עלטערער מענטש, אַ הויכער, איינער פון בערלס שול־מכובדים, וועלכער פלעגט יעדן שבת אָוונט, צוזאַם מיט נאָך אַנדערע פריינט קומען אויף טיי, און הגם, ס׳זיינען אַלעמאָל געווען אַ סך טישלעך ליידיק, האָבן זיי זיך תמיד געזעצט ביי דעם טישל, וועלכעס איז געשטאַנען אין אַ ווינקל, ביים סאַמע אַריינגאַנג צו דער קיך. ר׳ לייב האָט געמישט מיטן לעפעלע זיין גלאָז טיי, וואָס נעכע האָט געברענגט, נישט אויפגעהויבן זיינע אויגן, גע־סמאַטשקעט מיט זיינע דיקע ליפּן: נו, כ׳ווייס... וואָס מען זאָגט, איר געדענקט דאָך, ר׳ בערל, וואָס מען האָט געלערנט אין חומש: „מלחמה לה׳ בעמלק



K

מדור דור״; אָבער, זינט היטלער, דער איצטיקער רשע, איז אויפגעשטאַ־
נען, פאַרשטיי איך ערשט, ווי טיף אָט דער פסוק באַלייכט אונזער געשיכטע.

די נאַכט איז געווען אַ ליכטיקע, דער הימל טיף און בלוי, אַ ברייטער ווײַ־
סער פּאַס האָט זיך געשטרעקט סקאָסנע, ווייט איבערן הימל און געמאַכט דעם
איינדרוק, ווי אויסגעבעט מיט ווייסער וואַטע. ס'האָט אויסגעזען פאַנטאַסטיש
ווייס, עפּעס ווי אַ כישוף וואָלט אַלץ אַרומגענומען.

אויפצומאָרגנס זונטאָג, האָט נעכע צוליב אירע שווערער אַרבעט אינם
רעסטאָראַנדל, נישט געקענט לאַנג טראַכטן, וועגן די אַלע שמועסן פון די פאַ־
ריקע נאַכט. ס'האָט זיך איר עפּעס געפּלאָנטערט אין קאָפּ, מלחמה, זלאַטע,
מיטן אַרויפגעשאַרצטן נעזל, וואָס טוט נישט די האַנט אין קאַלטן וואַסער, מיט
איר שיינער דירה. ס'איז פּלוצלונג אין איר געדאַנק פאַרבייגעשווומען דערי־
נערונגען לאַנג פאַרגעסענע. זי האָט זיך געחידושט, וואָס אין אירע יאָרן, מיט
די אַלע איבערלעבונגען, זאָל גאָר קומען איר אויפן רעיון מעשה נערות... זי
האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און צו זיך געזאָגט: „פּענסי טהעט״... וואָס
ס'קאָן אַלץ קומען אויף דער מחשבה.

די ערשטע סירענע האָט איר, ווי פון עפּעס אַ האַרטן שלאָף אויפגעוועקט,
זי האָט זיך פּיבערהאַפּט גענומען אַריינברייינגען דעם חושך אין שטוב. פאַר די
פענצטער געמאַכט שוואַרצע פאָרהאַנגען פון שווערן שטאָף, די שויבן פאַר־
קלעבט מיט שמאָלע פּאַסן פון ברוין פּאַפּיר, אין פאַרשידענע מוסטערן, ווי זי
וואָלט דעם טויט געוואָלט פאַרשלייערן, וואָס האָט פּלוצלינג אָנגעהויבן שוועבן
איבער יעדנס הויז.

ערשט אינם אײַן און פערציקסטן יאָר, ווען דער בליץ איז געוואָרן שטאַר־
קער, מוראדיקער, מענטשן איבערגעשראָקענע זענען ווי די האָזן געלאָפן זוכן
ערגעץ וווּ אַ לאָך, כדי זיך צו באַהאַלטן, איז בערל און נעכע, געגאַנגען אינם
גרויסן שעלטער אין קאָמערשל רויד. די פינצטערניש אין דרויסן און די האַלב
טונקלקייט אינם שעלטער, האָט שווער געדריקט אויף דער גרויסער מאַסע
מענטשן, ווילדע געשרייען פון אָנגעקליבענעם שמערץ האָבן פון הונדערטער
הערצער זיך אַרויסגעריסן. טייל האָבן געשאָלטן, טייל האָבן געטרייסט אַנדערע,
אַז דער מענטש טאָר נישט פאַרלירן דעם בטחון אויף אַ בעסערער צייט.

בערל מיט זיין ווייב, אויסגעמאַטערטע פון די לאַנגע וואַרטנדיקע שעה'ן
אין שעלטער, זיינען געבליבן, ווי פאַרשטיינערט, דערזעענדיק די גאַס אין אַ ים
פון צעבראָכן גלאָז. הייזער האָבן געברענט, נידערגעשלאָגענע זענען זיי גע־
שטאַנען נישט ווויסנדיק ווו זייער שטוב איז געווען. די לבנה האָט ברייטלעך
שפּאַצירט אינם בלויען הימל און מיט איר בלאַסן שיין באַלויכטן אַ שטיק פון
דעם גרויסן חורבן.

נעכע האָט אינערלעך ביטער געוויינט. עס איז געווען אַ שאַרף, בייסנדי־
קער געוויין, וואָס ס'טרעפט אָפט ביי פרויען אין מאָמענטן פון אויסערגעוויינ־

לעכן צער. זי האָט שטיל צו זיך געזאָגט, אַז דאָס שלים־מזל, לאָזט נישט אָפּ אַ מענטשן. נו, גיי פרעג דעם רבונו של עולם קשיות. אַז דער מענטש טראַכט און דער מלאך לאַכט.

צומאָרגנס האָט בערל און נעכע צוזאַמען מיט אַנדערע געקריגן אַ נייע דירה.

און ווען דער „וואָרדען", דער ווינונגס־אָפּיסער האָט זיי אָנגעוויזן זייער צייטווייליקע נייע דירה, אַרויס ווייט אין אַ בעסערער געגנט, דריי שיינע ליכטיקע שטובן מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן, האָט זיך בערלס פאַרחושכט פּנים פאַרצויגן מיט אַ וואַרעמען שמייכל: „נעכע", האָט ער זיך צו זיין פרוי אָנגערופן, זי אויפמינטערן אַ ביסל, „וואָס זאָגסטו דערצו, אַזאַ גאַנצע מלחמה מיט באָמבעס און פּליערס האָט מען געמוזט אָנסטרויען, כדי בערל זאָל זוכה זיין צו אַ נייער דירה"...

דינסטיק דעם 7־טן אויגוסט 1945 איז מרים, אַ מיידל פון אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק, צוזאַמען מיט אַ גרופּע אַרטיסטן אָפּגעפּאָרן פון לאָנדאָן, צום נאָענטן מזרח, צו שפּילן פאַר די טרופּן.

דער טאָג איז געווען אַ טריבער. פון גאַנץ פרי האָט געטריפּט אַ ווייך דראָבנע רעגנדל און געווייקט די גאַסן און די הייזער. ס׳האָט אויסגעזען, ווי אַלץ איז איינגעהילט אין אַ דורכזיכטיקן נאַסן נעפּל, וואָס לייגט זיך שווער אויפן געמיט. כאָטש לאָנדאָן איז געווען יום־טוב׳דיק געשטימט, מחמת די מלחמה מיט די היטלעריסטישע רוצחים איז שוין געווען פאַרענדיקט, דאָך האָט איבערן לאָנדאָנער הימל נאָך אַלץ געשוועבט דער קאָשמאַר פון נעכטיקן בליץ־קריג, מיט אַלע זיינע שוואַרצע און בלוטיקע עטאַפּן.

די שוואַרץ־אויגיגע און באַ׳חנ׳טע מרים איז באַהערשט געווען פון איין געדאַנק: צו זיין אין ארץ־ישראל.... הויפּזעכליך ירושלים... ראשית, די שטאָט פון דוד המלך, דער גרויסער האַרפן שפּילער; די שטאָט פון הורדוס און סאַ־לאָמע און גלייכצייטיק אויך באַזוכן די היסטאָרישע הייליקע פּלעצער... די מו־טער־רחל׳ס קבר, וועלכער ליגט אויפן וועג קיין בית־לחם, דורך וואַנען נבוזראדן האָט געטריבן די יידן אין גלות אַריין. אַמשטאַרקסטן אָבער האָט גע־לאָקט ביי מרים׳ן דער פאַרלאַנג צו זיין ביי דער כותל מערבי, די איינציקע איבערגעבליבענע וואַנט פון בית־המקדש וואָס טיטוס הרשע האָט פאַרברענט, צו וועלכער יידן פון אַלע עקן פון דער וועלט זיינען עולה־רגל, זינט דעם חורבן בית־שני, צינדן אָן ליכטלעך אין די שפּאַלטן פון די פאַרהייליקטע שטיי־נער און זיינען מתפּלל צו גאָט אויף דער גאולה.

עלטערע ווייבער און יונגע פרויען לאָזן איבער אין די שפּאַלטן פון די גרויסע פּירקאַנטיקע שטיינער צוזאַמענגעוויקלטע קוויטלעך, מיט פאַרשריבע־נע ווערטער... ווערטער, וועלכע בלייבן אויף תמיד פאַרשלאָסענע סודות פון צעווייטאָקטע הערצער... קינדער־זכרונות זיך אָנגעהערט פון אירע עלטערן און פון איר אַלטיטשקן זיידן.

דער חלום פון מרים׳ס עלטערן צו האָבן די זכיה נאָך ביי זייער לעבן צו זען דאָס הייליקע לאַנד, איז בשעת מרים איז פון לאָנדאָן אָפּגעפאָרן אויך גע־וואָרן איר חלום. זי האָט ביי זיך געטראַכט; וועט די קאָמפּאַניע אויך באַזוכן ארץ־ישראל? אפשר, ווער ווייס? זי האָט געוואָלט דורכרייסן דעם נעפּל, וואָס האָט זיך געוויקלט אַרום איר געדאַנק, דעם „אפשר", וועלכער האָט איר באַ־גלייט אין אַלע עטאַפּן פון איר רייזע, ווייל ביים פאַרלאָזן לאָנדאָן איז די גרופּע

נישט געווען זיכער וועגן אַ באַזוך אויך אין פּאַלעסטינע.

אין איר מחשבה האָט זיך געפּלאָנטערט אַ עפּעס... וועלכער זאָגט אַ סך, אַן עפּעס, וואָס קען געשען גאָר אומדערוואַרטעט.

נאָך דעם באַרייזן אַ גרויסן שטח פונם נאָענטן מזרח, ווי מצרים, סיריע, איראַק, איראַן, לבנון און אַנדערע פלעצער, האָט די גרופּע אומגעריכטערהייט זיך דערוווסט, אַז זייער איצטיקע רייזע איז קיין ארץ־ישראל. און וואָס מער זיי האָבן זיך דערנענטערט צו דעם לאַנד, אַלץ אַ גרעסערע פרייד האָט אין מרים'ס האַרץ זיך דערוועקט. אָבער אויך גרויס אומרואיקייט לגבי דעם, וואָס קומט פאָר אין ארץ־ישראל.

ס'איז געווען אַ שיינער זוניקער טאָג, ווען די גרופּע אַרטיסטן זיינען אַ שעה פאַר מיטאָג אָנגעקומען אין קעמפּ (לאַגער) נישט ווייט פון תל־אביב.

די זון איז געשטאַנען אין מיטן הימל און געפלאַמט, באַגלאַנצט אַלעס מיט אַ זילבערנעם ליכט. די לופט טיף בלוי און דורכזיכטיק אַזוי, אַז דאָס אויג האָט פּלוצים דערזען אַ פּאַנאָראַמע פון געוואַלטיקער שיינקייט פאַר מיילן ווייט, וועלכע האָט אין די בלויע דורכזיכטיקע לופט אויסגעזען גאָר נאָענט, אַזוי אַז די מענטשלעכע פאַנטאַזיע איז געכאַפּט געוואָרן אין אַ נעץ פון גרויסע איבער־ראַשונגען.

דער ערשטער קאָנצערט, וואָס די מוזיקאַלישע גרופּע האָט דעם זעלבן אָוונט געגעבן, פאַר די טרופּן אין לאַגער, איז געווען אַ גרויסער דערפאָלג. אַרום דעם פּלאַץ האָט זיך געטומלט מיט גערעדעריי, וועגן פאַרשידענע פראַגן, אָבער מיינסטן וועגן גאָר נישט. אינם דאָזיקן טומל האָט זיך צוגעקלעפּט צו דער גרו־פּע אַ יונגערמאַן פון מיטעלן וווקס, מיט אַן אָפּגעברענט, פון זון, פּנים, אַ ברייט־פּלייציקער און אַ קאַרק רויט ווי אַ מאַן, וואָס האָט זיך געלייגט אין קנייטשן, בשעת ער האָט מיט וועמען גערעדט, מחמת זיין זעלנערישע געוווינהייט צו האַלטן דעם קאָפּ גלייך.

אין קעמפּ האָט מען אים גערופן „דזשינגדזשער דזשאָן", צוליב זיינע געלע רויטלעכע האָר און פאַר זיין אומגעצוימטן חוצפּהדיקן כאַראַקטער. זיינע פּלייי־שיקע באַקן האָבן זיך געטרויטעלט, בעת ער האָט זיך פאַר די אַרטיסטן פאָרגע־שטעלט און זיי פריינטלעך באַגריסט. ס'האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז ר'איז ביז גאָר צופרידן מיט די נייע אָנגעקומענע געסט. ביי יעדן געפרעגט, פון וואַ־נען און פון וועלכע געגנט ער אָדער זי קומען. „דזשינדזשער דזשאָן" האָט זיך צעשמייכלט מיט אַ טאָן פון היימישקייט, ווען ער האָט דערהערט אַז מרים קומט פון נאָרד וועסט לאָנדאָן. אַ גליענדיק פּייערל האָט זיך באַוויזן אין זיינע תאווה׳־דיקע קליינע פאַרזשמורעטע אויגן, אַ פּייערל וואָס בריט אָפּ, און מיט אַ באַ־זונדערע כונה זיך געווענדעט צו מרים'ן: „זייער פיין, זייער פיין, אויסגעצייכנט ביז גאָר האָט איר היינט געשפּילט... עס איז באמת זייער אָנגענעם מיט אייך זיך צו באַקענען. ווי מען שרייבט מיר האָט נאָרד־וועסט לאָנדאָן נישקשה'דיק

געליטן פונם בליק״. ער האָט זיך עפּעס פאַרטראַכט און זיינע עטוואָס דיקע ליפּן האָבן ווי אַ שעפּטשע געטון: „אַזוי... קומסטו טאַקע פון דעם געגנט ווו איך בין געבוירן געוואָרן... וואָס פאַר אַ צופאַל״.

מרים האָט אין דער רגע ביי זיך געטראַכט: אייגענטלעך ווייס איך נישט מיט וואָס ער זאָל זיין מיט עפּעס באַזונדערס צופרידן. זי האָט צו זיך אַליין געזאָגט: סוף־כל־סוף איז דאָס זיין זאַך... הגם דער ווייטערדיקער שמועס האָט זיך עפּעס נישט געקלעפּט איינס צום אַנדערן, איז ער אָבער נישט אָפּגעשטאַנען פון פרעגן נייע פראַגן. און בינו־לבינו, חוצפּהדיק אין איין אָטעם־צוג גלאַט אַזוי איר אַ פרעג געטון, וואָס זי דענקט וועגן דער געגנט, וועגן די אַראַבער, אויך וואָס פאַר אַ באַציאונג האָט זי לגבי די יידן דאָ אין לאַנד. די לעצטע פראַגע האָט געקלונגען אויסטערליש און משונה ווילד, אַזוי ווי איינער, וואָס איז נישט גאַנץ זיכער מיט זיך. ער האָט זיך באַקלאָגט אַז „אַלע צרות, וואָס געשען אויף דער וועלט זיינען נאָר שולדיק די יידן. ווען נישט זיי, וואָלט איך אפשר דאָ אין גאַנצן נישט געוועזן״.

אויף די אַלע זיינע פראַגן האָט מרים גלייך נישט געענטפערט. זי האָט זיך פאַרטראַכט און אים געפרעגט, צי איז דאָס אים שטאַרק נויטיק צו וויסן. אַ שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף איר קלאָר פּנים, און כדי נישט צו געבן אַ מעגלעכקייט פאַר ווייטערדיקע פראַגן, גלייך צוגעגעבן אַז די געגנט איז אויסערגעוויינלעך שיין. „די אַראַבער וועלכע איך האָב ביז איצט באַגעגנט זיינען פוילענצער און נישט גאַנץ זויבער; די קינדער פאַרנאַכלעסיקט. וואָס שייך די יידן, האָב איך מיך נישט וואָס צו באַקלאָגן, ווייל איך אַליין בין אַ יידישע״...

די דערקלערונג, אַז זי איז אויך אַ יידישע, האָט אים ווי צעטומלט. פון גרויס איבערראַשונג האָבן זיינע גראָבלעכע ליפּן עפּעס געפּלאַפּלט, אַז דאָס מיינט ער נישט איר. זיין ברייט, פון זון אָפּגעברענט פּנים, איז מיט אַמאָל געוואָרן פינסטער און אָנגענומען אַ נאַרישעוואַטן אויסזען. ווי עס ווייזט אויס האָט דער חוצפּהדיקער „דזשינדזשער דזשאָן״ זיך נישט שטאַרק געקוויקט מיט איר ענטפער. צום גליק פאַרביידן, פון די נישט געווונטשטע סיטואַציע, איז געוועזן, וואָס די קאָמפּאַניע איז איינגעלאַדן געוואָרן עפּעס צוצובייסן אין דער אָפיצירן אָפּטיילונג.

אין קאַנטין איז געווען פריילעך און טומלדיק; מען עסט, מען טרינקט, מען ליאַרעמט. צווישן די מענער איז פּלוצלינג געוואָרן אַ באַוועגונג. זיי האָבן היליק אַפּלאָדירט, ווען די גרופּע אַרטיסטן איז אַריינגעקומען. מרים איז געגאַנגען מיט לייכטע לאַנגזאַמע טריט און פאַרטראַכט, צוגעוואָרפן שמייכלדיקע בליקן אויף רעכטס און לינקס. טראָץ דעם אַלעם האָט זי זיך נישט געוווּנדערט, ווען זי האָט געמערקט ליידיקע שטולן אויף אירע ווייטערדיקע קאָנצערטן...

די נאַכט פון איר ערשטן קאָנצערט איז מרים קנאַפּ געשלאָפן. די איבערלעבונג האָט איר האַרץ אָנגעפילט מיט טרויער. זי האָט דערפילט, אַז זי פאַר־

לירט דעם גלויבן אין דער מענטשהייט; האָט זי דען ניט ווי אַ סך אַנדערע ייִדישע טעכטער און זין, אָפּגעגעבן זעקס יאָר דינסט אין דער מלחמה, כדי אויף אייביק אָפּצושאַפן די שנאה פון פאָלק צו פאָלק... די טרויעריקע חשבונות האָבן ווי אַרויסגעטריבן פון איר האַרץ די פרייִלעכקייט פון איר דערפאָלג. זי איז ווי פאַרגליווערט געבליבן זיצן ביים פענסטער און געקוקט אין דער ווייטער שטיל־קייט. פון ערגעץ האָט זיך אַ פערד צעהירזשעט און דער אָפּהילך האָט זיך אָוועקגעקייקלט אין די טיפענישן פון דער נאַכט.

דער איינציקער פרייִלעכער מאָמענט, וואָס מרים האָט באמת געהאַט, איז געווען, בעת זי האָט איינמאָל אין אַן אָוונט זיך דערוווּסט, אַז די קאָמפּאַניע איז פריי איינציקע טעג פון געבן קאָנצערטן. ביי מרים׳ן אין געדאַנק האָט גלייך אויפגעטויכט דער לאַנג־נאָגענדער פאַרלאַנג צו זיין ביי דער כותל־מערבי.

ס׳איז געווען אַ הערלעכער זומערדיקער פרימאָרגן, ווען מרים איז געפאָרן קיין ירושלים. אויף די זייטן פון וועג זיינען פאַרבייגעציטערט איילבירט בוי־מער, וועלכע זיינען געשטאַנען געהילט אין בלויען טוי. ס׳האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי פרומע יידן אין טליתים שטייען און וואַרטן צו הערן דעם שופר של משיח.

אַרום האַלבן טאָג איז מרים אָנגעקומען צו דעם „שער־יפו“, דער אַריינ־גאַנג צו דער אַלטער שטאָט. פון די שמאָלע ענגע געסלעך זיינען געקומען צו דער כותל־מערבי יידן פון איבעראַל: טערקישע, בוכאַרער, פּוילישע יידן און תימנ׳ער; יידן מיט לאַנגע געקרייזלטע פאות, ווייבער מיט האַלב פאַרהאָנגענע געזיכטער. אויב ס׳איז פאַראַן מאָמענטן אין אַ מענטשנס לעבן, וועלכע קריצן זיך טיף איין אין זכרון, זייער אָפט אפילו נישט ווייסנדיק די סיבה דערפון, אַזאַ געפיל האָט די עטלעכע און צוואַנציק־יאָריקע מרים איבערגעלעבט אין דעם מאָמענט בשעת זי איז צוגעקומען צו דער כותל־מערבי. און פונקט אַזוי ווי די אַנדערע פרויען האָט זי אָנגעשריבן איר אייגן געבעט־קוויטל, וועלכעס די ווערטער זיינען בשעת׳ן צוזאַמענוויקלען באַשטויבט געוואָרן מיט זונען גאָלד. זי האָט עס מיט גרויס יראת־הכבוד אַריינגעשטופּט אין אַ שפּאַלט פון די הייליקע שטיינער.

אַ ציטער איז דורך איר יונג האַרץ און אין איר רעיון איז פּלוצלינג אויפ־געשווומען דער גאַנצער גרויל פון דער מוראדיקער ביטערער צייט אין אונזער יידישער געשיכטע. די גרויזאַמע הריגות אויף יידן פון די היטלער־רוצחים זיי־נען איר נאָענט געקומען פאַר די אויגן ווי אַ ווייטע פּאַטאַמאַרגאַנע... זי האָט זיך פאַרטראַכט: וואָלט די מענטשהייט געוווּסט וויפיל צער און ווייטאָק עס איז פאַר די לעצטע צוויי טויזנט יאָר, און ביטערע געוויינען פאַר די וואַנט אויסגעגאָסן געוואָרן, וואָלט זי תיכף אויפגעהערט צו באַגיין פאַרברעכנס געגן יידישן פאָלק.

מרים האָט פּלוצלינג אין די אַלטע פאַרגעלטע שטיקלעך פּאַפּיר דערזען פּייַערדיקע ווערטער... וועלכע שוועבן אַרום דער אַלטער וואַנט. די ירושה פון

אַן אייגן גרויס הויז וואָס דערציילט פון גרויס העלדישקייט און מאַרטירערטום, ווערטער וועלכע מאָנען גערעכטיקייט ביי די פעלקער און טוען וועקן צו אַ שנעלער דערלייזונג.

* * *

טראָץ דעם וואָס מרים איז נאָך קיינמאָל ניט געוועזן אַזוי ווייט און אַזוי לאַנג אַוועק פון איר היים און אויך שטאַרק געבענקט, האָבן אָבער די הערלעכע זוניקע טעג געכישופט און גערייצט די פאַנטאַזיע. פון די וועלדלעך אַרום דער געגנט האָט זיך אין דער לופט געטראָגן ריחות פון קיילעכדיקע זאַפטיקע פאָמעראַנצן און די גליענדע רויטע פאַרב זייערע האָט זיך געשפּיגלט אין זוניקע ארץ־ישראל׳דיקע פרימאָרגנס, אַז ס׳האָט אַזש פאַרכאַפּט דעם אָטעם, אַזוי אַז מרים האָט אין אַלעם פאַרגעסן אין דער היים, די נאָענטע צו וועלכע זי האָט אויף יעדע סטאַנציע געשיקט אַנזיכט־קאַרטלעך מיט בענקעניש. זי האָט אָנגעהויבן אונטערצוברומען פאַרטראַכט אין זיך אַ שטילע מעלאָדיע און פּלוצלינג דערהערט זי ווי זי זינגט די „התקוה״־טענער... און צו זיך געזאָגט: נישטאָ וואָס צו בענקען, דאָ איז אַן אייגענע, ליכטיקע היים, דאָ איז ארץ־ישראל...

איינער פון די פּריווילעגירטע, וועלכע זיינען געוואָרן איינגעלאַדן אויף יום־טוב צו דער פאַמיליע ליכטנפעלד, איז געווען סעם פויגל, אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק, וועלכער האָט מיט אַ שטיקל צייט צוריק, צופעליק, זיך איינמאָל אין אָן אָוונט אינם קאַבאַרע קלוב באַקענט מיט דער יונגסטער טאָכטער, בעסי ליכטנפעלד.

סעם איז פון דער נאַטור געווען אַ פריילעכער, אַ זאָרגלאָזער. פון זיין פריסטער יוגנט האָט ער געהאַט אַ נייגונג צו וואַנדערן, אַ פאַרלאַנג, וואָס האָט תמיד אים געצויגן צו אומבאַקאַנטע וויטקייטן. די לעצטע ניייעסן, וואָס האָבן אַממערסטן זיך געדרייט אַרום דעם שטורמישן לעבן און די גרויסע דערגריי־כונגען אין „פּאַלעסטיין“, האָט אויף זיין יונגע נאַטור געמאַכט אַ שטאַרקן רושם. ער האָט פשוט מקנא געווען די בחורים, וואָס זייער איינציקער אידעאַל איז צו פאָרן אַהין, צו העלפן בויען אָן אייגענע היים פאַר זייער פאָלק. ס׳האָט זיך אין אים דערוועקט די וואַנדער־לוסט, וואָס האָט אים קיין מנוחה נישט גע־געבן. ס׳האָט אים ממש געלאָקט דאָס ווייטע לאַנד. נאָר צוויי זאַכן האָבן אים צוריקגעהאַלטן, דאָס ניינצען־יאָריקע מיידל, בעסי ליכטנפעלד, אין וועלכער ער האָט זיך פון ערשטן אויגנבליק שטאַרק פאַרליבט, און איבערהויפּט די „ריי־סעס“ פון די הינט, אין וועלכע סעם איז געווען אַריינגעטון בלב־ונפש.

דעם ערב פסח אין דער פרי 1947, בעת סעם האָט באַקומען די איינלאַדונג, איז ער געלעגן ברייט אויסגעצויגן אויף זיין בעט און פויל געלייענט די לעצטע נייעס וועגן די רייסעס פון די הינט. ער איז פּלוצלינג געוואָרן שטאַרק איבער־ראַשט פון דער מעלדונג, אַז דער הונט, „דער שוואַרצער דיאַמאַנט“, וועלכער האָט לעצטנס פאַרכאַפּט טויזנטער מוחות, צוליב זיין שנעלקייט, לויפט היינט אויף דער נאַכט.

אַזאַ צופאַל, האָט ער ביי זיך געטראַכט, אַ קליייניקייט „דער שוואַרצער דיאַמאַנט“. זיין פּנים האָט זיך פּלוצלינג געענדערט, ווען ער האָט איבערגע־לייענט די פּאָר שורות פונם צוגעלייגטן בריוול פון בעסי׳ן, בעטנדיק אים אַז ר׳זאָל למען השם נישט זיין שפּעט צום סדר. שרייבנדיק אים, אַז ס׳איז נישט איר שולד, וואָס דער פאָטער אירער האָט אויך איינגעלאַדן אירע צוויי קוזינעס, קיטי און לילי און אנקל טשאַרלי, „יו נאָ הים סעם דיר“, ספּעציעל ווען ער נעמט אַן איבעריקן טראָפּן, „סאָ הי טאָלקס“. ער קומט מיט זיין פאַמיליע צו דער „פערסט“ סדר נאַכט. „איט וויל בי מאַטש פאַן ; דערביי אים פאַרזיכערט, אַז זיי וועלן נאָך האָבן אַ ביסל איבעריקע צייט צו גיין אינם קלוב.

אַ מידער פון אַ נישט דערשלאָפענע נאַכט, איז סעם אַרונטער פון בעט, פאַררויכערט אַ סיגאַרעט און געצויגן דעם רויך נאָכאַנאַנד. ער האָט מיט איינגעהאַלטענער אויפרעגונג געשפּרייזט איבערן צימער, ווי איינער וואָס איז אין גרויס פאַרלעגנהייט און ווייס נישט וואָס צו טון. צום סדר האָט ער קיין חשק נישט געהאַט צו גיין, ראשית צוליב דער היינטיקער גרויסער „רייס" פון דעם לאַנג אויסגעבענקטן כלב, „דער שוואַרצער דיאַמאַנט", והשנית די צווי איבערגעוואַקסענע מוידן, קיטי און לילי, וועלכע ער האָט פיינט, פאַר זייערע נאַרישע שמועסן, אין וועלכע עס האָט זיך תמיד געפילט אַ ביי־טעם פון עפּעס קלעפּיקע מחשבה׳לעך.

אָבער אַממיינסטנס האָט סעם נישט ליב געהאַט דעם נייעם אויפגעבלאָזענעם יחסן, דעם אָנקל טשאַרלי, מיטן פּליך אויפן קאָפּ און זיינע לויפנדיקע קליינע אויגן, וועלכע האָבן געמאַכט דעם איינדרוק, גלייך ווי זיי וואָלטן תמיד זוכן אַן אָרט, ווו זיך אָפּצושטעלן. עפּעס אַ ווידערגעפיל האָט געוואַקסן אין זיין האַרץ צו דעם אָנקל טשאַרלי פאַר זיין מיאוסער טבע, אומגעריכטערהייט זיך אַריינרייסן מיט זיינע מעשיות; אַממיינסטן וועגן זיינע גרויסע אויפטוען, הן אין שול, הן אין געשעפט. לעצטנס אָבער האָט ער גאָר שטאַרק זיך צערעדט וועגן זיין נייעם איינפאַל, אַז ער האָט בדעה צו קויפן אַ הויז אין ארץ ישראל, אין דעם לאַנד פון זבת חלב ודבש, ווי אין פּסוק שטייט... דערביי פלעגט ער זיך באַרימען, אַז אייגנטלעך גייט אים דאָ גאַנץ נישקשה׳דיק, ער האָט אַ שיין הויז אין גאָלדערס גרין, ר׳איז גבאי אין אַ שול, אלא וואָס דען, ער האָט מורא פאַר גלגול מחילות. אַ דין שמייכעלע האָט אויף זיין קיילעכדיק פּנים זיך באַוויזן, וואָס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז אין דער אמתן איז ער שטאַרק מסופּק דערין, אָבער נאָך אַלעמען, ווער ווייס? אפשר... דערביי צוגעגעבן: זאָגט וואָס איר ווילט, דאָס לעבן איז פאָרט פאַר אונז אַ געהיימניס און יעדע זאַך וואָס איז פאַרבאָרגן שרעקט.

אין קלוב האָט סעם פעסט באַשלאָסן נישט צו גיין. ער קאָן שוין דאָרט אַלע, די שווערע איינגעבויגענע מענטשן צעוואָרפן ביי די טישלעך און שטאַרק אַריינגעטון אינם קאָרטן־שפּיל, פוילע אויפגעפּרעסענע פון נישט דערשלאָפענע נעכט, גלאָצן מיט זייערע פאַרגלאַנצטע אויגן און וואַרטן, וואָס פאַר אַ קאָרט עס וועט פאַלן. היינט וועט ער אין קלוב נישט גיין, ער וויל נישט זען די קאָרטן פיגורן, וועלכע ווערן אויסגעמישט מיט די פּנימער פון די שפּילער מיט זייערע נאַרישע גרימאַסן, קולות, זידלערייען און באַשולדיגונגען נאָך יעדער „געים".

דער טאָג איז געווען אַ שיינער, אַ וואַרימער, פריש און ניי איז געווען דער הימל, ס׳האָט ממש געצויגן אין דרויסן אַרויס. סעם האָט כסדר געקנייטשט דאָס אָקאָרשט באַקומענע צעטעלע, וועלכעס האָט אים ווי געבריט, פונקט ווי מען וואָלט אים מיט עפּעס דורכגעברענט. טיף אין זיין נשמה האָבן אָפּגעקלונגען די ווערטער פונם בריוול, וועלכע זיינען אַזוי איינפאַך געזאָגט געוואָרן,

למען־השם נישט זיין שפעט צום סדר. אַ נישט צופרידענער און שטאַרק אויפֿגערעגט פונם פלוצלינגען צופֿאַל, וואָס די גרויסע „רייס" פון דעם לאַנג אויסגעבענקטן הונט „דער שוואַרצער דיאַמאַנט", לויפט פונקט היינט אויף דער נאַכט, האָט ער מיט געמאָסטענע טריט געשפּרייזט איבער קאָמערשעל רויד, אָפּשטעלנדיק זיך ביים ראָג פון גאַרדנערס קאָרנער.

דער גרויסער טומל, איילעניש, וואָס הערשט דאָ יעדן טאָג פון אַ גאַנץ יאָר, איז היינט אין דעם זוניקן ערב־פּסח, ווי פאַרטאָפּלט געוואָרן. אויטאָבוסן לויפן, אַ געאייל פון מענטשן, וווהין, נאָך וואָס? סעם האָט פון צייט צו צייט אויפגעהויבן זיין לינקע האַנט צום שטערן, זוכנדיק שוץ פון די זונענשטראַלן, וועלכע זיינען שפּיזיק געפאַלן פון אַ לויטערן בלויען הימל. ער האָט אין דער זעלבער צייט אויך געוואָלט דערכאַפּן דעם שטח, וואָס טיילט אים אָפּ פונם פּלאַץ, ווו די „רייסעס" קומען פאָר.

דעם גאַנצן טאָג האָט סעם געפילט מאָדנע, אומגעדולדיק, נאָכאַנאַנד געכאַפּט אַ בליק אויפן האַנט־זייגערל, וועלכעס איז געווען צוגעשנאַלט מיט אַ גאָלדן פאַסיקל, ווי איינער וואָס וויל מיט געוואַלט צוריקהאַלטן די צייט. ביי אים אין קאָפּ האָבן געצונדן קריכן פאַרשידענע משונהדיקע געדאַנקען... עס טויכט פאַר אים אויף יענע סדר נאַכט, ווען ער איז דאָס ערשטע מאָל אַריינגעקומען צו די ליכטנפעלדס. בעסי אָנגעטון אין אירע שיין געפּאַסטע קליידער, פון וועלכע עס האָבן אַזוי מילד און לעבעדיק אַרויסגעשפּראָצט די שטריכן פון איר יונגען קערפּער. אַזוי יונג און ניי, אַזוי פריש און ליכטיק... און וואָס מער ער האָט געטראַכט וועגן דעם, אַלץ שטאַרקער האָט ער דערפילט אַז בעסי האָט אים ווי פאַרכישופט. זי האָט אין זיין נשמה געשאַפן עפּעס אַזוינס, וואָס איז ביז איצט פאַר אים געווען פרעמד און ווייט. סעם האָט נאָך שטאַרקער געקנייטשט דאָס צעטעלע, וועלכעס האָט אין עפּעס דערמאָנט, אַ זאַך, וואָס ער האָט אין זיין לעבן קיינמאָל נישט פאַרפעלט.

אַ מינוט צוויי דריי איז ער געשטאַנען אומבאַוועגלעך. ער האָט פּלוצלינג דערפילט אַז עפּעס אומגעלומפּערטעס האָט זיך געצונען פלעכטן אַרום זיין נשמה. ווידער איז אַרויף אויף זיין רעיון „דער שוואַרצער דיאַמאַנט", וועלכער לויפט היינט אויף דער נאַכט, מיטן אָנגעמערקטן פּרייז פון הונדערט צו איינס. אַ קלייניקייט אַזאַ פּרייז, מען קען באמת כאַפּן גאָר אַ גרויסע „אפּותיקא". זייענדיק פאַרנומען מיט די דאָזיקע מחשבות, אַז עמיצער מוז דאָך געווינען, פאַר וואָס זאָל ער נישט זיין דער עמיצער, האָט ער נאָך אַ לאַנגען טראַכטן, סוף כל סוף, באַשלאָסן נאָך אַמאָל צו פּרובירן זיין מזל אויף די „רייסעס".

ווילעריש מיט די הענט אין די קעשענעס, האָט סעם זיך געלאָזט דורך די הינטער־געסלעך פון ווייטשעפּל אין דער ריכטונג פון מייל־ענד סטיישאָן, טראַכטנדיק אַז ס'איז נישט דאָס ערשטע אַוואַנטורעלע, וואָס ער טוט אָפּ. נישקשה, זאָל ער נאָר געווינען, וועט אַלעס זיין גוט און גלאַט; צו וואָס העלפט דען

נישט אַ גרויס געווינסל, ווי שטייט דאָס אין פּסוק, „כסף וזהב מטהר מ...". דאָס לעצטע וואָרט איז אים געבליבן הענגען אויף זיינע ליפּן, אַזוי ווי איינער, וואָס האָט פּלוצלינג פאַר עפּעס זיך דערשראָקן. יאָ, זאָל ער נאָר געווינען. ס'האָט זיך אים איצט געדאַכט, אַז בעסי איז געוואָרן אַן אַנדערע. עפּעס מאָדנע: סעם, זאָגט זי, שוין גענוג די נאַרישקייטן, שוין צייט צו קלערן וועגן אַ תכלית דו ווייסט דאָך וועגן וואָס עס האַנדלט זיך! דערביי אויפגעהויבן אירע טיפע שוואַרצע סאַמעטענע אויגן, וועלכע פלעגן אין דער רגע אויסדריקן אי געבעט, אי מורא. ספּעציעל ווען זי פלעגט אים דערמאָנען וועגן וואָס עס האַנדלט זיך! אַ סך מאָל האָט ער אָפּגעלאָזן זיין עקשנות און זיך מודה געווען אַז ס'איז אַ נאַרישקייט... און איר צוגעזאָגט, כמעט ווי געשווירן, אַז ער וועט מיט די רייסעס נישט האָבן מער צו טון.

אַ פאַרביטערטער מיט אַ צעווייטאָקט האַרץ, געיאָגט פון אַ גאַנצע כוואַליע פון פאַרשידענע מחשבות, אַז ער באַגייט אַ מיאוסן פעלער, איז סעם מיט אַ באַשווערטן געמיט אַוועק צו די „רייסעס". ער האָט ביי זיך געטראַכט: אַ קליי־ניקייט, „דער שוואַרצער דיאַמאַנט", און הונדערט צו איינס. ער האָט זיך גע־חידושט, וואָס תמיד טרעפן זיך אָט אַזעלכע צופאַלן. אָבער זאָל ער נאָר געווינען וועט אַלעס גוט זיין.

געשען איז אָבער גראָד דאָס פאַרקערטע פון דעם וואָס ער האָט דערוואַרט. אַנטוישט פון די נישט געלונגענע רעזולטאַטן, אויף וועלכע ער האָט מיט אַ באַזונדערע זיכערקייט אַזוי פיל געשטעלט, האָט ער ווי אַ באַליידיקטער נישט אויפגעהערט צו מורמלען: אַזאַ נישט געלונגענע נאַכט... אויף אַזאַ צרה האָט ער זיך נישט געריכט. ווי אַזוי איז דאָס געשען, ער קען עס גאָר נישט פאַר־שטיין. סעם האָט דערפילט אַז עפּעס האָט גענומען ווערגן אין האַלז. אַ פאַר־לאַנג האָט אין אים דערוואַכט, צוליב וועלכען מען פאַרגעסט אַלעס אויף דער וועלט... אַ פאַרלאַנג צו זען בעסי'ן. ער וואָלט זי איצט אַזוי צערטלעך אַרומגע־נומען און לאַנג געקוקט אין אירע טיפע שוואַרצע אויגן און בעטן ביי איר מחילה. ער האָט פּלוצלינג זיך געכאַפּט אַז ער האַלט אין זיין האַנט דאָס בריוול פון בעסי'ן. די ווערטער, וועלכע זיינען אינם בריוול געווען געשריבן, למען־השם נישט זיין שפּעט צום סדר, האָבן אין דער העלער לבנה־נאַכט אים אויס־געוויזן ווי אַ שטרענגער אָנזאָג: סעם, שוין צייט צו קלערן וועגן אַ תכלית... ערגעץ טיף אין זיין נשמה האָט עפּעס בייז גערייצט אין אים... נו, וואָס וועט בעסי איצט זאָגן.

איינזאַם און פול מיט ביטערקייט איז סעם אין די שפּעטע שעה'ן, ווי אַ שיכור, וואָס האָט אַלץ פאַרטרונקען, אַהיים געגאַנגען. דער גרויסער שטאָט־זייגער „ביג־בען" האָט אויסגעקלאַפּט פונקט צוויי און מאָדנע אָפּגעהילכט אין דער מיסטישער, שטילער נאַכט... ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז דער קלאַנג, וואָס האָט אַ פּאָר מינוט געברומט אין זיינע אויערן, איז אַ שלעכטער אָנזאָג, אַז

דאָס רעדל דרייט זיך איבער. די לבנה האָט מיט איר בלאַסן שיין באַגאָסן די ליידיקע טראָטואַרן פון דער גרויסער שטאָט, וועלכע איז דורך עפּעס אַ כּישוף מיט אַמאָל איינגעשלאָפן.

צוליב וואָס האָט ער דאָס געטון ? — האָט ער ביטער זיך געפרעגט.

זיין פּנים האָט אויפגעפלאַמט פון עפּעס אַ נייעם געפיל. עס טויכט ווידער אויף אין זיין געדאַנק יענע נאַכט, יענע ערשטע סדר נאַכט, וועלכע שטייט פּלוצלינג אים פאַר די אויגן, גאָר נישט קיין געענדערטע, פּונקט אַזאַ בלאַסע לבנה געווען, בעת ער האָט שפּאַצירט מיט בעסי׳ן. ער געדענקט שוין נישט ווי אַזוי ס׳איז געשען האָט ער פּלוצלינג דערפילט איר שלאַנקען קערפּער גע־שלאָסן אין זיינע אָרעמס. ווי גליקלעך איז ער דאַמאָלט געווען, די גאַנצע וועלט וואָלט ער אַרומגענומען. דער פאַרשיכּורטער ריח פון איר יונגער ברוסט האָט אים ווי געפּלעפט, און אַ הייסער קוש האָט אָפּגעקלונגען אין דער לופט, וואָס איז פּונקט אַזוי ווי ער געוועזן דורכגענומען פון לוסט און ברענענדיקער תּאווה... איצט דאַכט זיך אים אַז ס׳איז נישט מער די פריילעכע ניינצן־יאָריקע בעסי ליכטנפעלד, נאָר שוין אין גאַנצן אַן אויסגעוואַקסענע פרוי, וועלכע מוסרט אים פאַר זיינע נאַרישקייטן.

און ווי אַן אָפּגעשמיסן יינגל שטייט ער דאָ אין מיטן דער נאַכט אין פינס־טערן ראָג.

און ווידער טויכט אויף יענע נאַכט, יענע ערשטע סדר נאַכט, ווען ער האָט זיך מיט איר דאָס ערשטע מאָל באַקענט. די שאַרפע ריחות פון די סדר מאכלים רייצן אים זיינע נאָז־לעכער מיטן קילן ווינטל, וואָס ווייעט פון שאַרפן ראָג ה׳ ליכטנפעלד ווינקט פון היסב בעט אויפצומאַכן די טיר צו שפוך חמתך...

און אַ פּלוצלינגער געדאַנק לויפט אים, ווי אַ פרישׁ ווינטל, אַדורך זיין קאָפּ : ער וועט פאָרן קיין „פּאַלעסטיין״, דאָרטן זיך אָנשליסן אין דער העלדי־שער קעמפנדיקער אַרמיי, די „הגנה״. געענוג געקעמפט מיט זיך, האָט ער צו זיך געזאָגט. אין זיין מחשבה הויבט זיך אָן צו געשטאַלטן דער נייער וועג, וואָס אויף אים הויבט ער אָן צו גיין. ער האָט ביי זיך געטראַכט, אַז דער אָנקל טשאַרלי איז פאָרט גערעכט, בעסער צו האָבן אַ נחלה אין ארץ ישראל, איידער דערנאָך ליידן גלגול מחילות... סעם האָט זיך געחידושט, וואָס ר׳האָט וועגן דעם שוין פון לאַנג נישט געטראַכט. כ׳לעבן ס׳איז אַ פּלאַן, ער וועט פאָרן אַצינד צוזאַמען קיין „פּאַלעסטיין״ מיט אַלע „באָיעס״. אַזאַ גלענצענדער אויסוועג, האָט ער גע־טראַכט. יאָ, ר׳וועט זיך קויפן אַ שטיק ערד, בויען אַ הויז אין דעם לאַנד פון איילבירטן און וויינשטאָקן. בעסי וועט קומען, זי מוז קומען. האָט זי דען אים נישט געזאָגט אַז זי איז גרייט אויף אַלעם, אפילו צו גיין מיט אים אין דער גרויסער ווייטער וועלט.

אויפגעמונטערט פונם געדאַנק, אַז בעסי וועט קומען קיין „פּאַלעסטיין״, האָט אין זיין מחשבה עפּעס אָנגעהויבן דערוואַכן. אַ גליקלעך שמייכעלע האָט

ברייט אויף זיין פנים זיך געלייגט. יאָ, אין דער שטאָט ירושלים וועלן זיי אַ חופּה שטעלן. דאָס וועט זיין אַ טאָפּלטער בונד.

דער געדאַנק איז אים געקומען ווי אַ דערלייזונג, אין דער אַזוי שווערער נאַכט פון זיין ניי אָפּגעטועטע אַוואַנטורעלע. ער האָט צו זיך געזאָגט: יאָ, ס׳איז דער איינציקער אויסוועג.

שמואל דער שוואַרצער, אָדער דאָס יידל, ווי דער עולם האָט אים גערופן, איז געווען זיין קליינגעוויקסיק, מיט אַ געדיכט שוואַרץ בערדל, וועלכעס האָט אַרומגענומען זיין קיילעכדיק תמיד שמייכלדיק פּנים, אַזוי אַז ס'האָט זיך בלויז אַרויסגעזען די ברייטלעכע פליישיקע נאָז, וואָס האָט בשעת זיין רעדן אויסגעזען ווי אַריינגעקוועטשט צווישן צוויי טיפע קנייטשן.

געקומען איז ער אין דער גרויס־שטאָט לאָנדאָן אין יאָר, אין וועלכן — איז נישט וויכטיק! — נאָר אַז ער איז שוין אינם לאַנד אַ דריי צענדליק יאָר און אפשר מער, דאָס באַשטעטיקט דאָס קליין צוגעשוירן לאָפּאַטע בערדל, וואָס איז דורך דער צייט שטאַרק גרוי געוואָרן. אַ מחשבה קאַלט ווי פראָסט פלעגט דורך זיין לייב, בשעת ר'האָט גענומען טראַכטן וועגן דעם, און מיט אַ שווערן זיפץ צו זיך זאָגן: יאָ, מען ווערט אין דער שטורמדיקער שטאָט גרוי נישט פון נחת... ער האָט זיך געחידושט, ווי די יאָרן לויפן נישט באַמערקטערהייט געשווינד אַוועק, און וואָס? די נישטיקע פאַרדינסטן פונם געוועלבל פון שניידער־צודאַטן משטיינס־געזאָגט, וועלכעס זיין ווייב די ליטוואַטשקע פירט אָן. אַ גליק וואָס ר'האָט זיך באַצייטנס געכאַפּט צו זיין איצטיקע פרנסה אַלס „אינשורענס" אַגענט. וויפיל וויטאָגן און יסורים איז ער אויסגעשטאַנען ביז ר'האָט דער־גרייכט צו דער דאָזיקער פּאָזיציע. אמת, אַז ער האָט דורך דער צייט געמאַכט אַ סך באַקאַנטשאַפט, אָבער דאָס האָט אַלץ געהאַט צו טון מיט ביזנעס אַנגע־לעגנהייטן, וואָס האָט ביי אים צוגענומען יעדעס שטיקל פרייע צייט. קיין אי־נערלעכן גענוס האָט ער אָבער פון דעם נישט געהאַט.

זיין איינציקער פאַרגעניגען איז געווען, ווען ס'וועטער איז געווען שיין, די שווערע וועגענער און אויטאָמאָבילן האָבן גראָד נישט געהאַקט אין די אויערן, צו שפּרייזן איבער דער גרויסער און אָפענער גאַס אין ווייטשעפּל, און נ'ישבדיק, ווי אַ תלמיד־חכם, טראַכטן אַז אַלץ, אַלץ, וואָס געפינט זיך צווישן הימל און ערד איז פול מיט בייזקייט און רשעות. יעדער איז צופיל פאַרנומען מיט זיך און וועגן זיך. אין תוך, האָט ער געטראַכט, איז פאַר אַן אָרענטלעכן און ערלעכן מענטש, אין דער איצטיקער שטורמישער צייט, שווער צו עקזיסטירן. זיין קליין לאָפּאַטע בערדל האָט זיך עפּעס אַליין אונטערגעהויבן, ער האָט אַ מאַך געטון מיט זיין האַנט, ווי איינער זאָגט נישקשה, מען וועט שוין אויסקומען, אַ ייד טאָר נישט פאַרלירן זיין בטחון.

באַקאַנטע האָט שמואל געהאַט אַ סך, אָבער נאָענטע מענטשן, פאַר וועמען זיך אַראָפּרעדן פון האַרץ, גאָר ווייניק. אויסער אַז ס'האָט זיך אַמאָל געמאַכט

אַ שטיקל יום טוב ביי אַ באַקאַנטן אָדער אַ לאַנדסמאַן, פלעגט ער מיט גרויס נייגיר זיך צוהערן, ספּעציעל ווען זיי האָבן זיך אַריינגעלאָזט אין הויכע שמועס מכוח דער לאַגע אין פּאַלעסטינע, און וועגן דער פּאָליטיק פון ווייסן בוך, וועלכע וויל ממש האַלטן געשלאָסן די טויערן פאַר יידן, וואָס ווילן אַריינקומען אינם לאַנד, אינם לאַנד פון די אבות, פון וועלכן ער חלום'ט און טראַכט אַזוי פיל. אַ פאַרביטערטער פלעגט שמואל ביי אַזעלכע געלעגנהייטן זאָגן: ענגלאַנד איז טאַקע אַ פריי לאַנד, די מענטשן לעבט זיך נישקשהדיק, אָבער שטאַרבן איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר וויל איך אין ארץ־ישראל.

האָט ווער פון די לאַנדסלייט אים געפרעגט, ווי לאַנג ס'איז זינט ר'איז אַוועק פון דער אַלטער היים, און צי ס'פאַרבענקט זיך אים אַמאָל נאָך דעם לעבן אינם שטעטל ר. ווו ר'איז געבוירן געוואָרן — ביי די דאָזיקע פראַגן פלעגט שמואל באַזונדערס זיך פאַרטראַכטן, אַזאַ טבע האָט ער געהאַט, בעת מען האָט אים דערמאָנט וועגן דעם. אַ ים פון זכרונות האָט תמיד אין זיין מחשבה אויפגעטויכט. זיינע רעיונות האָבן אים אין אַזעלכע מינוטן פאַרטראָגן ערגעץ ווייט, הן אין שטח, הן אין יאָרן, צום שטעטל, וועלכעס דערמאָנט אים אַ סך ביטערע אַנטוישונגען, אָרימקייט, דחקות. פונדעסטוועגן עפּעס איז יאָ געווען, וואָס דערמאָנט אים אין זיינע יוגנט יאָרן. דאָס פריילעכקייט פון די שבת'דיקע נאָכמיטאָגס, און דעם טעם פונם גלעזל ביר, וואָס מען האָט געקריגן ביי דעם לאַנגען פּנחס, אינם שענקל, אויף דער יידישער שטאָט נעבן דער שול.

הגם דאָס האָט ער שוין לאַנג געלאָזט הינטער זיך, האָט ער זיך אָבער שטאַרק געחידושט, וואָס בשעת ער דערמאָנט זיך וועגן דעם לעבן אינם שטעטל, קריכן אין זיין מוח פאַרשידענע געדאַנקען... עפּעס שניידן זיך אַריין אין זכרון זאַכן מיט אַזאַ קאַלטע קלאָרקייט, ווי ר'וואָלט נאָך אַמאָל איבערגעלעבט זיינע יוגנט טעג. פאַר זיינע אויגן פלעגט זיך תמיד אויסריסעווען די געשטאַלט פון דער קליינער שפּרינצע, וועלכע האָט דערלאַנגט פלעשער ביר, געזאָטענע אַרבעס, גוט דורכגעזאַלצן און באַפּעפּערט. זי פלעגט בשעת דעם קוקן אויף אים אַזוי מילד.. גערעדט עפּעס אַזוי „מאָדנע", דערביי אַראָפּגעלאָזט די ברעמען איבער אירע טיפע שוואַרצע אויגן. איר קול האָט געציטערט.... בעת זי האָט געזאָגט: דאָס איז ספּעציעל פאַר אייך צוגעגרייט.

שפּרינצע איז געווען אַ קליין רירעווודיק פּעמפּקעוואַטע מיידל, מיט אַ טונקל פּנים, וואָס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי פאַררויכערט, פונקט ווי איר מוטער די גראָבע סערל, וועלכע האָט געהאַלטן אַן אויג אויף אירע באַוועגונגען, ספּעציעל אין די שבת'דיקע טעג, ווען ס'האָט זיך אָנגערוקט דער בין־השמשות. כאָטש צו נאַכט פלעגט נאָך זיין ווייט, האָט זיך אָבער אינם קליינעם שטיבל, וואָס מען האָט גערופן דאָס אַלקערל, מיט דעם איינציקן פּיצל פענסטער, וועלכעס איז געווען תמיד פאַרהאָנגען, אַמפּריסטן זיך געלייגט אַ גרויע פינסטערקייט. יעדעס ווינקל איז מיט אַמאָל געוואָרן טרויעריק און פאַרטראַכט,

עפּעס ווי דורך אַ כּישוף האָט זיך אַלץ צונויפגעגאָסן אין איין שטיק פּינסטער־ניש. דאָס איינציקע וואָס האָט זיך יעדע ווײַלע אַרײַנגעשניטן אין דער שווער געדריקטער פּינסטערקייט, איז געווען אַ שטיק ווײַסקייט, וואָס האָט בשעת דעם מיידעלס האַסטיקן אַרײַנקומען זיך שטאַרק געהויבן פון אירע יונגע ברוסטן, וועלכע האָבן זיך באַזונדערס געטורעמט אונטער די פּעלדלעך פונם שניי ווײַסן בלוזקעלע, וואָס זי פלעגט ספּעציעל טראָגן אין די שבת׳דיקע נאָכמיטאָגס.

סערל די גראָבע, ווי מען האָט איר אינם שטעטל גערופן, פלעגט מיט אָנגעשפּיצטע אויערן אין די שבת׳דיקע אָוונטן זיצן אין איר ווינקל פון דער גרויסער שטוב, אויפכאַפּן יעדן שאָרך און געלעכטער, וואָס פלעגט אינם אַלקערל זיך הערן. עפּעס וואָס אומגעלומפּערטס איז געוואַקסן ביי איר אין האַרץ. זי פלעגט צו זיך זאָגן: אַ מויד זאָל זיך נישט שעמען אַזוי פיל צו פּלוידערן און צו לאַכן, גאָר נישט פּאַסיק פאַר אַ יידישער טאָכטער. מיט אַ שווער געמיט און טרויער, וואָס איז געווען טיף באַהאַלטן אין איר נשמה, פלעגט זי זיך אויסרעדן איר שווער האַרץ פאַר דעם גאָט פון אברהם, יצחק ויעקב, דערביי שטאַרק זיפצן אויף איר שווערן און זינדיקן לעבנס שטייגער.

פאַר אים אָבער האָט שפּרינצע אין די דאָזיקע בין־השמשות׳ן אויסגעזען מיסטעריעז און לאָקענד... עפּעס האָט אין אים זיין בלוט דאַמאָלט האַסטיקער גענומען לויפן, פונקט אַזוי ווי ביי דעם ביר, בשעת מען ציט אַרויס דעם פּראָפּן און ער צושוימט זיך. אַ ווילדע הנאה האָט זיך ברייט צולייגט אויף זיין קיילעכ־דיק פּנים, בשעת דעם גלעטן זיין צוגעשוירן לאָפּאַטע בערדל און צו זיך זאָגן, ווי די צייט רייסט שטיקער פונם לעבן... ער האָט פּלוצלינג דערוואַכט, ווי פון עפּעס אַ זיסן חלום, און מיט אַ שמייכל זאָגן צו די לאַנדסלייט: יאָ, דער אײנ־ציקער ליכט שטראַל, וואָס קוקט צו מיר אַרויס פון מיין גרויער קיודהייט און יוגנט יאָרן, זיינען געווען די שבתדיקע אָוונטן אינם שטעטל, ביי דעם לאַנגען פּנחס אינם שטיבל.

גערופן האָט מען אים, ווי שוין געזאָגט, דאָס יידל, מחמת פאַרשידענע טעמים. ראשית ווייל ער פלעגט תמיד זיין פאַרביזעוועט מיט ענינים, וואָס האָבן אים קיין גרויס נוצן נישט געבראַכט. והשנית דאָס האַנדלען מיט לאָטערי צעטלעך, „סוויפסטייק״ בילעטן, וואָס ר׳האָט תמיד געהאַט צו פאַרקויפן. שוין אין די ערשטע צייט פון זיין קומען קיין לאָנדאָן האָט דער עולם אים געקרוינט מיט דעם נאָמען „דאָס יידל״, צוליב דעם וואָס ער פלעגט שרייבן בריוו פאַר די גרינע.

ערשט שפּעטער, ווען ער פלעגט צושטעלן זינגערס ניי־מאַשינען צו יידי־שע שניידערס, האָט זיך פאַר אים געעפנט אַ וועג צו זיין איצטיקער פּאָזיציע אַלס „אינשורענס אַגענט״ פון אַ פאַרזיכערונג געזעלשאַפט. מחמת זיין נייער פּרנסה, האָט „דאָס יידל״ געמוזט זיין איבעראַל . . . תמיד רעדן און דווקא אַ סך רעדן; דער עיקר איינרעדן! כּדי מען זאָל אים וואָס מער זעען און הערן,

באַזוכט ער אָפּט אינסטיטוציעס, גייט אויף פאַרזאַמלונגען, נעמט אַ וואָרט, אָבער ס'איז תמיד „משה־קאַפּויער" פון דעם, וואָס דער רעדנער האָט געזאָגט. דאָס אַרט אים זייער ווייניק, אַבי ס'געלינגט אים אַמאָל צו כאַפּן אַ „קרבן". קריגט ער אַזאַ איינעם, וועט יענער זיך גלאַטיק נישט אַרויסדרייען.

געוווינט האָט שמואל דער שוואַרצער „דאָס יידל" אין אַ קליין שמאָל געסל אין די לייק. זיין געוועלבל פון שניידער־צודאַטן איז געווען פּונקט אקעגנ־איבער דעם זייגערמאַכערס געשעפט מיטן רויטן שילדל, וואָס איז געהאָנגען איבער דעם אַריינגאַנג, אויף וועלכן ס'איז מיט גרויסע, געלע אותיות געווען אויפגעשריבן, „מאָריס לעמב ענד סאַנס", און וועלכעס האָט זיך תמיד געוויגט מיט אַן אומהיימלעכן סקריפּ, סקריפּ!

כאָטש מאָריס איז פון לאַנג שוין געווען אַ בריטישער בירגער, און זיך געהאַלטן ווי אַן עכטער ענגלענדער, האָבן זיינע אַלטע באַקאַנטע אים אַלץ גע־רופן מיטן היימישן נאָמען, מענדל שעפּס.

טאַקע אָט ביי דעם זייגערמאַכער אין געוועלב האָט זיך „דאָס יידל" באַ־קאַנט מיט דעם נייעם קרבן, אַ דרייסיק יאָריקער בחור, אַקאַרשט אַהערגעקו־מען, וואָס זיין אמתן נאָמען, בערנאַרד קליגערמאַן, האָט קיינער נישט געוווסט.

אָבער בערל דעם צעטראָגענעם האָבן אַלע אין געסל געקענט, מחמת זיין קיינמאָל נישט האָבן קיין צייט, זיין תמיד לויפן, ווי איינער וואָס איילט זיך עמיצן אָפּצוטאָן אַ שפּיצל. בערלס איינציקער פאַרגעניגן איז געווען צו פאַר־ברענגען זיין איבריקע צייט אין פּלעצער, וווּ מען „אָקשאָנירט" פאַרשיידענע זאַכן — אַזאַ טבע האָט ער געהאַט — ווי אַלע „גרינע", וואָס ווילן קויפן מציאהלעך.

אַנטוישט, צעטראָגן, ווי אין אַ טשאַד, איז בערל שפּעט אין אָוונט אַהיימ־געלאָפן, און ווי תמיד זיך באַקלאָגט, אַז זיין מזל האָט פאַר אים קיינמאָל נישט געשיינט. נאָר צו ווערן אַזוי מיאוס אָפּגענאַרט ווי דאָס מאָל, האָט ער זיך נישט געריכט. טאַקע צוליב דעם איז ער געקומען צום זייגערמאַכער פרעגן דעם אמתן ווערט פון אַ זייגער, וועלכן ער האָט איינגעהאַנדלט אויף אַן „אָקשיאָן" אין ווייטשעפּל.

„דאָס יידל", דערשמעקנדיק בחוש דעם נייעם „קרבן", האָט זיך אַ וואָרף געטאָן מיט זיין גאַנצער באַרעדעוודיקייט. „באַרייכערט זיך מיט אַ מציאה? האַ? זאָגט, נישט אמת? — דערביי אים אַריינגעצויגן אין אַ שמועס וועגן די לעצטע נייעס, ספּעציעל איבער פּאַלעסטינע, וווּ עס בויט זיך אַ ניי יידיש לעבן. דערוויסנדיק זיך אָבער, אַז בערל דענקט זייער שטאַרק וועגן פאָרן קיין ארץ ישראל, נאָר עס פעלט אים אויס די גוטיקע סומע געלט פאַר דער נסיעה, האָט „דאָס יידל" זיך וועגן עפּעס פאַרטראַכט. זיין ברייטער, הויכער שטערן האָט זיך באַזונדערס געקנייטשט, און ער האָט מיט אַן ערנסטער מינע אַ זאָג געטאָן, „אויב אַזוי, וויל איך טאַקע, אַז איר זאָלט וויסן ווער איך בין און וואָס

איך טו! ווי איר זעט, קום איך פון אַ קליין שטעטל אין פּוילן; און פאר די עטלעכע צענדליק יאָר אין דער גרויסער שטאָט האָב איך שוין געטאָן כל עבודת פּרך, כדי אַרויסצושלעפּן דאָס ביסל חיונה. און איצט בין איך אַן „אינ־שורענס״ אַגענט. נאָר מישטיינסגעזאָגט וואָס מען האָט היינטיקע צייטן דער־פון. לכן האנדל איך אַביסל צו מיט פארשיידענע צעטלען. „אָבער, ראשית״. זאָגט ווייטער דאָס יידל מיט אַ באַהאַלטן שמייכעלע, „וויל איך, אַז איר זאָלט זיך ביי מיר „אינשורן״. אַ מענטש קען קיינמאָל נישט וויסן וואָס ס׳קען מיט אים פּאַסירן אין דער גרויסער, רוישיקער שטאָט״. זעענדיק, אַז בערל האָט קיין חשק נישט זיך צו „אינשורן״, האָט דאָס יידל שטאַרק פאַרביסן זיין אונטער־שטע, גראָבלעכע ליפּ און מיט אַ געבראָכן קול געזאָגט, „נו, מילא, וועט איר זיך „אינשורן״ אַן אַנדערש מאָל״...

„אָבער פון אַן „איריש סוויפּסטייק טיקעט״ וועט איר זיך מסתמא נישט אָפּזאָגן? ס׳קאָסט אינגאנצן אַ האלבן פונט. איך קען אייך מבטיח זיין, אַז אין איין טאָג קענט איר ווערן אַ רייכער מענטש, געווינען דרייסיק טויזנט פונט! באַקלערט נאָר! פאר איין האלבן פונט דרייסיק טויזנט! און וואָס קען אַ יונ־גערמאַן אַלץ נישט אויפטון מיט אַזאַ גרויסע סומע געלט? חתונה האָבן; פּאָרן קיין ארץ ישראל; זיך דאָרטן באזעצן און לעבן ווי אין פּסוק שטייט, „איש תחת גפנו, ואיש תחת תאנתו״. „אומזיסט אייער טרחה״, האָט בערל כמעט ווי אויסגעשריגן, „אַז ער איז נישט קיין בר־מזל״.

זיי זענעןביידע געבליבן שטיין פאר עטלעכע מינוט אַזוי ווי אָן לשון. דאָס רויט געפּארבטע שילדל האָט אין דער רגע ווי צו להכעיס זיך אַ וויג געטאָן מיט דעם אומהיימלעכן „סקריפּ! סקריפּ!״

„אמת״, זאָג דאָס יידל, מיט אַן אויסגעצויגענעם גמרא־ניגון, „הכל תלוי במזל! אָבער, ווו שטייט עס געשריבן, אַז דאָס מזל פאַלט פון הימל אַראָפּ גלאַט אַזוי צו יעדן אין שויס? מען מוז עס נעמען; מען דאַרף עס נאָכיאָגן; נישט שטיין און וואַרטן, אַז מען וועט דאָס אייך געבן! אומזיסט מיין טרחה, זאָגט איר? ראשית, איז דאָס איינע פון מיינע פרנסות; והשנית קריג איך באצאָלט פאַרן רעדן, און בעיקר פארן איינרעדן״...

עס איז אַוועק אַ שטיק צייט פון זיין ערשטער באַגעגעניש מיטן יידל ביי מענדל שעפּס אין געוועלב, אָבער פון דעמאָלט אָן האָט בערל נישט געהאַט קיין איין רואיקע מינוט. די זעקס ווערטער „פאר איין האַלבן פונט דרייסיק טויזנט״ — האָבן זיך אין זיין מוח שטאַרק איינגעגעסן. ס׳איז דאָך נישט קיין אויסגעשלאָסענע זאַך, אַז ר׳זאָל געווינען, האָט ער צו זיך געזאָגט. אַ נאָגנדע בענקשאַפט נאָך אַ סוויפּסטייק טיקעט האָט אינגאנצן באהערשט זיינע געדאַנ־קען... ס׳האָט אין זיין מחשבה גענומען זיך פּלאָנטערן זאכן, פון וועלכע ער האָט פריער לגמרי נישט געחלומט.

איינמאָל, אין אַ זומערדיקן פאַרנאַכט, זיצנדיק ביים אָפענעם פענסטער

פון זיין שטיבל אין די לייך — די שטראַלן פון דער אונטערגייענדיקער זון האָבן זיך געשאַרט פון איין ווינקל צום אַנדערן, — האָט בערל אומגעריכטער־הייט פלוצלינג דערזען דאָס יידל; זיין פנים משונה בלייך, שטאַרק פאַרעל־טערט. אָבער זיין באַרעדעוודיקייט איז געווען די זעלבע ווי אַלעמאָל, אויף אַ האָר נישט געמינערט. און ערשט ווען דאָס יידל איז איבערגעגאַנגען צו אַ שמועס וועגן ארץ ישראל, האָט זיינס אַן „אוי" און אַ זיפץ איבערצייגט בערלען, אַז ער וויל זיך פאַרשטעלן די ספיקות וועגן זיין ווייטערדיקן גורל דורך אַ גע־מאכטער זעלבסטבאַהערשונג. „מען ווערט דאָך עלטער!" האָבן זיינע ליפּן שטיל געמורמלט.

„זעט איר, מר. קליגערמאַן, ווען ס׳מאכט זיך גראַד, אַז דער סוויפּסטייק טיקעט, וועלכן איר האָט אָקאָרשט געקויפט, געווינט און אין וועלכן איך האָב אַ חלק, וואָלטן מיר נישט באַדאַרפט זיין אין גלות... מיט אַזאַ ריזיקער סומע געלט, וואָלטן מיר זיך לייכט געקענט איינשאַפן אַ גוטע ביזנעס אין ארץ־ישראל. ווי זאָגט אַ יידיש ווערטל, משנה מקום משנה מזל!"

בערל האָט וועגן עפּעס זיך פאַרטראַכט און אים געזאָגט, אַז ווי נאָר ער קריגט אַ טעלעגראַמע, אַז דער טיטקעט האָט געוואונען, ליקווידירן זיי אַלע זייערע ענינים און פאָרן קיין ארץ ישראל. דאָס יידל האָט פרייער אָפּגעאָטעמט. „נו, זאָל זיין מיט הצלחה!" זיין גרוי, לאַפּאַטע־בערדל האָט זיך ווי אַליין אונטערגעהויבן בשעת ער האָט אַ קוש געטאָן די מזוזה און איז אַרויס פון שטיבל, מורמלענדיק, „אַ גאַנץ לעבן אָפּגעאַרבעט און אַלץ געבליבן דער זעלבער שלימזל. אוי, די פינסטערע, וויסטע פּרנסות!"...

---